| יאָהר | מאָנאַט | טאָג | |
|---|---|---|---|
| 1876 | — | — | אין דער פּעריאָדישער פּרעסע די פראַגע וועגען יודישען נאַציאָנאַליזם . . . . . . . . |
| 1876 | — | — | עס ערשיינט פּרץ סמאָלענסקינ'ס „עת לטעת" |
| 1878 | — | — | געגרינדעט די קאָלאָניע „פּתח תקוה" . . |
| 1878 | — | — | א. בן־יהודה טרעט אַרויס אין „השחר" מיט אַרטיקלען וועגען קאָלאָניזירען פּאַלעסטינא . |
| 1879 | — | — | סער לאָרענס אָליפאַנט פאָהרט קיין פּאַלעסטינא און קלייבט דאָרט אויס דעם בעסטען חלק ערד פון 1½ מיליאָן אַקרעס. דער ואָזיגער חלק ערד האָט בעדאַרפט ווערען דאָס אייגענטום פון אַן אַקציאָנערער געזעלשאַפט, וועלכע וואָלט געגרינדעט אַ נ׳אַ ג ר אַ ר־ב אַ נ ק מיט דעם ציעל אויסצולייזען די עמיגראַנטען די נויטיגע געלד־מיטלען . . . . . . . . . . |
| 1880 | — | — | עס ערשיינט אָליפאַנט'ס בוך „The Land of Gilead with excursions in the Libanon" אין וועלכען עס ווערט ענטוויקעלט דער פּלאַן צו גרינדען אַ גרויסע יודישע קאָלאָניע און צו בעזעצען פּאַלעסטינא מיט יודען |
| 1881 | — | — | דער אָנהויב פון דער בעוועגונג „חבת ציון" . |
| 1881 | — | — | משה לייב ליליענבלום אַגיטירט אין „ראַזסוועט" און „השחר" פאַר די יודישע עמיגראַציע קיין פּאַלעסטינא . . . . . . . . |
| 1882 | יאַנואַר | — | אין כאַרקאָוו ווערט געגרינדעט די ערשטע פּאַלעסטינא־אַגודה מיט דעם פּראָגראַם „בי"לו" (בית יעקב לכו ונלכה) . . . . . . . . |
| 1882 | יולי | 13 | געגרינדעט די קאָלאָניע „ועדי הנין" . . . |
| 1882 | סעפּטעמבער | — | עס ערשיינט ל. פּינסקער'ס קלאַסישע בראָשור „Autoemancipation". . . . . |
| | | | קאָקעס, בירנבוים און שנירער גרינדען אין וויען |

| יאָהר | מאָנאַט | טאָג | |
|---|---|---|---|
| 1882 | — | — | דעם ערשטען סטודענטען-פעראיין פון יודישע נאַציאָנאַליסטען „קדימה" . . . . . |
| 1882 | — | — | דער אָנהויב פון דער יודישער מאַסען-עמיגראַציע קיין פאַלעסטינא . . . . . . . . . |
| 1882 | יולי | 19 | געגרינדעט די קאָל. „ראשון לציון" 15 אָב, תרמ"ב |
| 1882 | — | — | דער נאַלאַצער צענטראַל-קאָמיטעט גרינדעט די קאָלאָניעס „זכרון יעקב" און „ראש פנה". אין זעלבען יאָהר איז אויך איננאַנצען איינגעאָרדענט געוואָרען די קאָלאָניע „פתח תקוה" אין איז געקויפט געוואָרען די ערד פאַר „סעד-ושערא" . . . . . . . . . . |
| 1882 | — | — | נתן בירנבוים גרינדעט אין ווין דעם ערשטען ציוניסטישען אָרגאַן אויף דייטש „Selbst-emancipation" . . . . . . . |
| 1882 | — | — | די ערשטע גרופע ביל"ו'צעס קומט אָן אין יפו |
| 1882 | יוני | — | געשטאָרבען אין „מקוה ישראל" קאַרל נעטער (געבאָרען געוואָרען אין יאָהר 1840) . . |
| 1883 | אָקטאָבער | — | געגרינדעט די קאָלאָניע „יסוד המעלה" . |
| 1883 | — | — | עס ערשיינט די בראָשיור „אַרוכת בת עמי" פון ריולפין . . . . . . . . . . |
| 1883 | — | — | געשטאָרבען ל' אָליפאַנט . . . . . . . . |
| 1883 | — | — | די ערשטע בעמיהונגען צו גרינדען אין רוסלאַנד א לעגאַליזירטע געזעלשאַפט פאַר פאַלעסטינא-קאָלאָניזאַציע . . . . . . . . . |
| 1884 | — | — | עס ערשיינט לעווענבליום'ס בראָשיור „О возрожденіи еврейскаго народа на Св. Землѣ его древнихъ отцовъ". |
| 1884 | נאָוועמבער | 6-11 נ. ס. | דער ערשטער צוזאַמענפאָהר פון די חובבי-ציון אין קאַטאָוויץ („קאַטאָוויצער צוזאַמענפאָהר") |
| | | | אויף דעם קאַטאָוויצער צוזאַמענפאָהר איז געגרינדעט געוואָרען א פעראייניגטע געזעלשאַפט |

| יאָהר | מאָנאַט | טאָג | |
|---|---|---|---|
| 1884 | — | — | „מזכרת משה" צום אָנדענקען פון משה מאָנטעפיאָרע מיט א צייטווייליגען קאָמיטעט אין אָדעס. די דאָזיגע געזעלשאַפט איז, אדאַנק די בעמיהונגען פון אלכסנדר צעדערבוים, לעגאַליזירט געוואָרען אין יאָהר 1890 אונטער דעם נאָמען „О-во вспомоществованія евреямъ земледѣльцамъ и ремесленникамъ въ Сиріи и Палестинѣ". „אָדעסער פאַלעסטינער קאָמיטעט". |
| 1884 | — | — | באַראָן עדמונד ראָטשילד גרינדעט די קאָלאָניע „עקרון" |
| 1885 | דעצעמבער | 12 | געגרינדעט די קאָלאָניע „גדרה" (קאַטראַ). אין דעם טאָג (כ"ה כסלו) האָבען זיך נײַן בילו'צעס אריבערגעקליבען אויף די נײַע ערד אין דעם דאָרף קאַטראַ און האָבען זיך דאָרט בעזעצט |
| 1885 | יאַנואַר | 19 | געשטאָרבען אין מעראַן פרץ סמאָלענסקין (געבאָרען געוואָרען דעם 8־טען מערץ 1842) |
| 1885 | יולי | 18 | געשטאָרבען אין ראַמסגעט משה מאָנטעפיאָרע (ט"ז אָב) (געבאָרען געוואָרען דעם 24־טען אָקטאָבער 1796 אין ליוואָרנאָ) |
| 1886 | מאַי | 9 | געשטאָרבען דוד גאָרדאָן, דער רעדאַקטאָר פון „המגיד" |
| 1887 | יוני | — | דער צוזאַמענפאָהר פון די חובבי־ציון אין דרוזקעניק |
| 1888 | מערץ | 6 | געשטאָרבען ל. לעוואַנדא (געבאָרען געוואָרען אין יוני 1835) |
| 1888 | — | — | געגרינדעט די קאָלאָניע „קוסטיניה" |
| 1890 | יוני | 4 | געגרינדעט די קאָלאָניע „רחובות" |
| 1890 | פעברואַר | 15 | לעגאַליזירט דעם „אָדעסער פאַלעסטינער קאָמיטעט" די ערשטע אַלגעמיינע פערזאַמלונג (א' אדר) |

| יאָהר | מאָנאַט | טאָג | |
|---|---|---|---|
| 1890 | — | — | געגרינדעט די קאָלאָניע „משמר הירדן“. געקויפט „אטל.ט“. |
| 1891 | — | — | געגרינדעט די קאָלאָניעס „עין זיתים“, „הדרה“, „שביה“, בני יהודה“ |
| 1891 | — | — | אסור־הכניסה קיין פאַלעסטינא |
| 1891 | — | — | עס ערשיינט ד״ר באָדענהיימער׳ס בראָשיור „Wohin mit den russische Juden“ וואָס האָט צום ערשטען מאָל ענטוויקעלט דעם געדאַנק וועגען אַ יודישען קאָלאָניאַל־באַנק |
| 1891 | דעצעמבער | 9 | געשטאָרבען דר. ל. פינסקער (געבאָרען געוואָרען דעם 24־טען דעצעמבער 1821) |
| 1892 | אויגוסט | — | ערלויבט יודען צו קומען קיין פאַלעסטינא, אָבער נור ניט אין מאַסען און ניט אַנדערש, ווי אויף 3 הדשים |
| 1893 | סעפּטעמבער | 27 | געשטאָרבען ר׳ מיכאל ערלאַנזשער (געב. 1827) |
| 1893 | אויגוסט | 26 | געשטאָרבען דער רעדאַקטאָר פון „המליץ“ א. צעדערבוים (געבאָרען געוואָרען אין יאָהר 1816) |
| 1894 | — | — | געגרינדעט נעבען ירושלים די קאָלאָניע „מוצא“ |
| 1895 | נאָוועמבער | — | ד״ר האַזאַנאָוויטש גרינדעט אין ירושלים די יודיש־נאַציאָנאַלע ביבליאָטעק |
| 1895 | — | — | עס ערשיינט אַחד־העם׳ס „על פרשת דרכים“, אַ זאַמלונג אַרטיקלען, וואָס בעגרינדען די טעאָריע פון גייסטיגען ציוניזם |
| 1896 | פעברואַר | — | עס ערשיינט דר. הערצל׳ס „יודענשטאַאַט“ |
| 1896 | — | — | הערצל׳ס ערשטע רייזע אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל |
| 1896 | — | — | די יק״א הויבט אָן צו אַרבייטען אין פאַלעסטינא |
| 1896 | — | — | געגרינדעט די קאָלאָניע „אַרטוף“ און „מתולה“ |
| 1896 | פעברואַר | — | געגרינדעט אין וואַרשוי די געזעלשאַפט „כרמל“ צו האַנדלען מיט פאַלעסטינא־ווייַנען |

| | טאָג | מאָנאַט | יאָהר |
|---|---|---|---|
| געשטאָרבען אין קאַיר וו. בערמאַן . . . | — | — | 1896 |
| עס ערשיינט די ערשטע נומער פון וואָכענבלאַט „וועלט", געגרינדעט פון הערצל'ען . . | 4 | יוני | 1897 |
| דער 1-טער אַלוועלטליכער ציוניסטישער קאָנגרעס אין באַזעל. אויף איהם ווערט אָנגענומען דאָס „באַזעלער פּראָגראַם" פון ציוניזם . | 16—19 | אויגוסט | 1897 |
| דער ביאַליסטאָקער ציוניסטישער צוזאַמענפאָהר, וואָס האָט געגרינדעט די „פּאָסט ביוראָ" אונטער דער אָנפיהרונג פון ד"ר כהן-בערנשטיין | — | אָקטאָבער | 1897 |
| געשטאָרבען דער פּראָפעסאָר הערמאַן שאַפּירא, איניציאַטאָר פון נאַציאָנאַלפאָנד | 9 | מאַי | 1898 |
| געשטאָרבען אין ביאַליסטאָק ר' שמואל מאָהילעווער . . . . . . . . . . | 28 | מאַי | 1898 |
| הערצעל'ס אויפענטהאַלט אין ירושלים . . . | — | מאַי | 1898 |
| דער ערשטער אַלרוסישער ציוניסטישער צוזאַמענפאָהר אין וואַרשוי . . . . . . . | — | אויגוסט | 1898 |
| דער 2-טער אַלוועלטליכער ציוניסטישער קאָנגרעס אין באַזעל . . . . . . . . | 15—18 | אויגוסט | 1898 |
| אין לאָנדאָן ווערט אָפיציעל פערערגיסטרירט די יודישע קאָלאָניאַלבאַנק . . . . . . | 7 | מערץ | 1899 |
| דער 3-טער אַלוועלטליכער ציוניסטישער קאָנגרעס אין באַזעל . . . . . . . . . | 3—6 | אויגוסט | 1899 |
| דער באַראָן עדמונד ראָטשילד גיט איבער אַלע קאָלאָניעס, וועלכע ער האָט געגרינדעט אין משך פון 17 יאָהר, אין רשות פון יק"א . | — | יאַנואַר | 1900 |
| דער 4-טער אַלוועלטליכער ציוניסטישער קאָנגרעס אין לאָנדאָן . . . . . . . | 1—3 | אויגוסט | 1900 |
| דער ערשטער צוזאַמענפאָהר פון די עסטרייכישע ציוניסטען אין אָלמיוץ. צוזאַמענפאָהר פון ציוניסטען-סטודענטען, וואָס האָבען בעשלאָ- | | | |

| יאָהר | מאָנאַט | טאָג | |
|---|---|---|---|
| 1901 | מערץ | 24 | סען צו גרינדען ציוניסטישע סטודענטען־פעראײנען |
| 1901 | דעצעמבער | 12—17 | דער 5־טער אַלוועלטליכער ציוניסטישער קאָנגרעס אין באַזעל |
| 1901 | — | — | דער צוזאַמענפאָהר פון די ציוניסטישע אַרבײטער־קרײזלעך אין מינסק, וועלכער פעראײניגט זײ אונטער דעם נאָמען „פּועלי־ציון" |
| 1901 | דעצעמבער | — | דער צוזאַמענפאָהר פון דער ציוניסטישער יוגענד אין באַזעל און די גרינדונג פון „דער פראַקציע פון דעמאָקראַטישע און פּראָגרעסיווע יסודות אין ציוניזם" |
| 1902 | מערץ | — | דער צוזאַמענפאָהר פון 72 אָרטאָדאָקסאַלע ציוניסטען, צווישען זײ 24 רבנים, אין ווילנא. עס ווערט בעשלאָסען אָרגאַניזירען אַ אָרטאָדאָקסאַל־ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע „מזרחי" |
| 1902 | — | — | אין פּאַריז גרינדען די ציוניסטען אַ „יודישען פאָלקס־אוניווערזיטעט" |
| 1902 | — | — | עס ערשײנט אין רוסלאַנד די ערשטע פעריאָדישע ציוניסטישע אויסגאַבע אויף רוסיש „Сіонистское обозрѣніе". |
| 1902 | יוני | — | געגרינדעט אין וואַרשוי די געזעלשאַפט „גאולה", וואָס האָט אַ ציעל צו קויפען און פערקויפען ערד אין פּאַלעסטינא |
| 1902 | אויגוסט | 8-12 | דער צווײטער אַלרוסישער ציוניסטישער צוזאַמענפאָהר אין מינסק |
| 1902 | סעפּטעמבער | 6 | געשטאָרבען ר' יצחק ריולף (געב. 1831) |
| 1902 | אָקטאָבער | — | הערצל'ס פערהאַנדלונגען מיט דער ענגלישער רעגירונג וועגען ועד־אַל־עריש |
| 1902 | — | -- | געגרינדעט די אַנגלאָ־פּאַלעסטינער באַנק |
| 1902 | — | — | געגרינדעט די קאָלאָניעס „מלחמיה", „בית גן" „ימה" און „מסחה" |

| יאָהר | מאָנאַט | טאָג | |
|---|---|---|---|
| 1902 | — | — | עס ערשײַנט הערצל׳ס ראָמאַן „אַלטנײַלאַנד“ |
| 1902 | יולי | — | הערצל אין רוסלאַנד . . . . . . . |
| 1903 | אויגוסט | 9-14 | דער 6־טער אַלװעלטליכער ציוניסטישער קאָנגרעס אין באַזעל. בעשלאָסען צו שיקען אַן עקספּעדיציע אויסצופאָרשען אוגאַנדאַ . . |
| 1903 | — | — | די אַנגלאָ־פּאַלעסטינער באַנק הויבט אָן צו אַרבײַטען אין יפו . . . . . . . |
| 1903 | — | — | געשטאָרבען בערנאַר לאַזאַר . . . . . |
| 1903 | אָקטאָבער | — | די כאַרקאָווער קאָנפערענץ . . . . . |
| 1904 | יאַנואַר | — | עס הויבט אָן צו ערשײַנען רעגעלמעסיג אין רוסישער שפּראַך דער ציוניסטישער אָרגאַן „Еврейская Жизнь“ וואָס עס עקזיסטירט ביז איצט אונטער דעם נאָמען „Разсвѣтъ“ |
| 1904 | מאַי | 12 | געשטאָרבען אין מאָסקווע ק׳ ז׳ וויסאָצקי . . |
| 1904 | יוני | 21/3 | געשטאָרבען טעאָדאָר הערצל, כ׳ תמוז, תרס״ד . |
| 1904 | אויגוסט | 19—21 | דער אַלגעמײַנער צוזאַמענפאָהר פון די מזרחי־סטען אין פּרעסבורג אונטער דעם פאָרזיץ פון רב רײַנעס פון לידא . . . . . . . . |
| 1904 | — | — | געעפענט אין ירושלים אַן אָבטײלונג פון אַנגלאָ־פּאַלעסטינער באַנק . . . . . . . . |
| 1905 | — | — | געגרינדעט אין ירושלים די קונסט־האַנדװערקער שול „בצלאל“ (די לימודים אונטער דער אָנפירונג פון פּראָפעסאָר שאַץ האָבען זיך אָנגעהויבען אין פרילינג 1906) . . . |
| 1905 | יאַנואַר | — | די בעראַטונג פון די ציוני־ציון אין ווילנא אונטער דער אָנפירונג פון מ. אוסישקין . |
| 1905 | יולי | — | די קאָנפערענץ פון די ציוני־ציון אין פרײַבורג. בעשלאָסען שאַרף אַרויסצוטרעטען געגען דעם אוגאַנדיזם און טעריטאָריאַליזם . . . |
| | | | דער 7־טער אַלוועלטליכער ציוניסטישער קאָנגרעס אין באַזעל. דער אוגאַנדאַ־פּראָעקט איז |

| יאָהר | מאָנאַט | טאָג | |
|---|---|---|---|
| 1905 | יולי | 14—19 | ליקווידירט. די טעריטאָריאַליסטען האָבען זיך אָבגעטיילט און האָבען געגרינדעט אַן אייגענע פּאַרטיי „יט"א" מיט ישראל זאַנגוויל'ן בראש . |
| 1905 | אויגוסט | — | געגרינדעט אין ווילנא דאָס צענטראַלע ביוראָ פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע . . |
| 1906 | יאַנואַר | 16 | די בריוסעלער קאָנפערענץ אונטער דעם פּאָרזיץ פון דוד וואָלפסאָן . . . . . . . . |
| 1906 | אָקטאָבער | — | אין יפו ווערט געגרינדעט לויט דער איניציאַטיוו פון ד"ר ל. מעטמאַן די ערשטע יודישע מיטעלשול אין פּאַלעסטינא — די יפוער גימנאַזיע |
| 1906 | — | — | אין ביירוט עפענט זיך אַן אָבטיילונג פון דער אַנגלאָ־פּאַלעסטינער באַנק . . . . . |
| 1906 | — | — | עס הויבט אָן צו ערשיינען „דאָס יודישע פאָלק", וואָס האָט עקזיסטירט ביז יולי 1908 . . |
| 1906 | נאָוועמבער | 21—26 | דער דריטער אַלרוסישער ציוניסטישער צוזאַמענפאָהר אין העלסינגפאָרס. עס ווערט אויסגעאַרבייט צום ערשטען מאָל אַ פאָלשטענדיגעס פּראָגראַם פון יודיש־נאַציאָנאַלער, פּאָליטישער אַרבייט אין גלות און רעאַלער אַרבייט אין פּאַלעסטינא . . . . . . . . |
| 1907 | מאַי | — | געעפענט אין חברון אַן אָבטיילונג פון דער אַנגלאָ־פּאַלעסטינער באַנק . . . . . . |
| 1907 | אויגוסט | 1—7 | דער 8־טער אַלוועלטליכער ציוניסטישער קאָנגרעס אין האאַג . . . . . . . . |
| 1907 | — | — | געגרינדעט אין קעלן דעם ערשטען אָפיציעלען ציוניסטישען אָרגאַן אויף העברעאיש, „העולם". פון דעצעמבער 1908 געהט ער אַרויס אין ווילנא . . . . . . . . |
| | | | די עסטרייכישע ציוניסטען גרינדען אַ יודיש־ |

| | טאָג | מאָנאַט | יאָהר |
|---|---|---|---|
| נאַציאָנאַלע פּאַרטיי. אין עסטרייכישען פּאַרלאַמענט גרינדעט זיך אַ יודישע פּאַרלאַמענטאַרישע פראַקציע („יודישער קלוב") פון 4 דעפּוטאַטען־ציוניסטען: שטראַנד, שטרויכער, מאַלער און גאַבעל . . . . . . . . | — | — | 1907 |
| פערערגאַניסטירט אין לאָנדאָן דעם נאַציאָנאַל־פאָנד . . . . . . . . . . | 8 | אַפּריל | 1907 |
| געשטאָרבען ל. י. כהן, מיטגליעד פון אַקצ.־קאָמיטעט . . . . . . . . . | 15 | אויגוסט | 1908 |
| אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל הויבט אָן צו פונקציאָנירען די אַנגלאָ־לעוואַנטינער באַנק . . . . . . | 1 | סעפּטעמבער | 1908 |
| דער „אָדעסער קאָמיטעט" גרינדעט אין פּאַלעסטינא דעם דערפעל „עין גנים" (פּעדזשא) | — | — | 1908 |
| געגרינדעט אין בערלין די „פּאַלעסטינער לאַנד־אַרבייט־געזעלשאַפט". איינגעאָרדענט די פערמע „כנרת" נעבען דעם ים כנרת . . . . . | — | — | 1908 |
| געעפענט די אָבטיילונג פון דער אַנגלאָ־פּאַלעסטינער באַנק אין היפה . . . . . . . | — | אָקטאָבער | 1908 |
| געשטאָרבען אין ירושלים דער קינסטלער שמואל הירשענבערג, איינער פון די בעשאַפער פון דער נייער יודישער קונסט . . . . . . . | 19 | יולי | 1908 |
| די בעראַטונג אין ווילנא, און דערנאָך די בעראַטונג אין מאָסקווע. עס ווערען אָנגענומען בעשלוסען וועגען דער ציוניסטישער און נאַציאָנאַלער אַרבייט אין דער בענייטער טערקיי און פּאַלעסטינא (דער פּרעסע־פאָנד א. א.). . | 12—24 | אָקטאָבער | 1908 |
| געשטאָרבען ד"ר לעאָפּאָלד כהן אין ווין, איינער פון ד"ר הערצל'ס מיטאַרבייטער . . . . | 22 | יאַנואַר | 1909 |
| געגרינדעט די קאָלאָניע „אַטליט" אויף דער ערד פון יק"א . . . . . . . . . . | — | — | 1909 |

| יאָהר | מאָנאַט | טאָג | |
|---|---|---|---|
| 1909 | יאַנואַר | 27—29 | די אַלגעמיינע פערזאַמלונג פון „פאַלעסטינער געזעלשאַפט" (אָדעסער קאָמיטעט). עס ווערען אָנגענומען בעשלוסען וועגען אַלע פראַגען פון פאַלעסטינא־קאָלאָניזאַציע לויט די נייע בעדינגונגען אין דער קאָנסטיטוציאָנעלער טערקיי |
| 1909 | אַפּריל | 6 | געשטאָרבען אָסקאַר מאַרמאָרעק, מיטאַרבייטער פון הערצל'ן . . . . . . . . |
| 1909 | אַפּריל | 6 | די גרינדונגס־פערזאַמלונג פון ציוניסטישען באַנק אין גאַליציען Kreditunion . . . . |
| 1909 | אַפּריל | 4 | די בעראַטונג פון די נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטישע פאַרטייען אין ניו־יאָרק וועגען אויסאַרבייטען אַ געמיינזאַמע פּראָגראַם, וואָס זאָל אויך איינשליסען פאַלעסטינא . . . . . |
| 1909 | יולי | 16 | דאָס 60־יאָהריגעס יובילעאום פון ד"ר מאַקס נאָרדוי. בעשלאָסען צום אָנדענקען גרינדען אַ מיקראָ־ביאָלאָגישען („היגיענישען") אינסטיטוט אין פאַלעסטינא אויף זיין נאָמען . . . . . |
| 1909 | — | — | אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל ערשיינט דאָס ציוניסטישע וואָכענבלאַט אויף פראַנצויזיש „L'Aurore". |
| 1909 | — | — | ביי דער מיטווירקונג פון נאַציאָנאַלפאָנד און דער אַנגלאָ־פּאַל. באַנק ווערט אויסגעבויט אין יפו אַ נייער יודישער קוואַרטאַל „תל אָביב" |
| 1909 | אָקטאָבער | 9 | געשטאָרבען אין ניו־יאָרק נ. ג. אימבער, דער פערפאַסער פון ציוניסטישען הימן „התקוה" |
| 1909 | אָקטאָבער | 25 | די פייערונג פון 25־יאָהריגען יובילעאום פון קאַטאָוויצער צוזאַמענפאָהר . . . . . . . |
| 1909 | דעצעמבער | 13—18 | דער 9־טער אַלוועלטליכער ציוניסטישער קאָנגרעס אין האַמבורג . . . . . . . . |

| | טאָג | מאָנאַט | יאָהר |
| --- | --- | --- | --- |
| אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל הויבט אָן צו ערשיינען דאָס וואָכענבלאַט „המבשר" . . . . . . | 1 | יאַנואַר | 1910 |
| געשטאָרבען ר' משה ליב ליליענבלום (געב. 10 אָקטאָבער 1843 כ"ט תשרי תר"ד). געגרינ־דעט א פאָנד אויף זיין נאָמען . . . . . | 30 | מערץ | 1910 |
| די קראַקאָווער בעראַטונג פון דער נאַציאָנאַל־ציוניסטישער פאַרטיי אין עסטרייך, אָנגענומען אַן אָרגאַניזאַציאָנס־סטאַטוט און בעשלאָסען צו גרינדען א געמיינדען־פעראיין . . . . . | 28—29 | מ א י | 1910 |
| געשטאָרבען העגריך נאַבעל, איינער פון די גרינ־דער פון „יודישען קלוב" אין עסטרייכישען פאַרלאַמענט . . . . . . . . . . | 17 | י ו ל י | 1910 |
| לויט דעם פאָרשלאַג פון ד"ר אָפּענהיימער ווערט געגרינדעט א „זיעדלונגסגענאָסענשאַפט" צו גרינדען קאָאָפּעראַטיווע קאָלאָניעס אין ארץ־ישראל . . . . . . . . . . . | — | — | 1910 |
| געעפענט אַן אָבטיילונג פון אַנגלאָ־פּאַלעסטינאַ־באַנק אין צפת . . . . . . . . . | — | י ו ל י | 1910 |
| געגרינדעט אין בערלין די „אימאָביליען־געזעל־שאַפט, פּאַלעסטינא' . . . . . . . . . | 19 | י ו ל י | 1910 |
| געגרינדעט די פלאַנצונגס־געזעלשאַפט „גליל", וועלכע האָט געגרינדעט די קאָלאָניע „מרזדל" | — | — | 1910 |
| געגרינדעט אונטער דער אָנפיהרונג פון אַגראָנאָם אַהרנזאָן די יודישע ערדאַרבייטער־פערזוכס־סטאַנציע נעבען חיפה . . . . . . . . | — | — | 1910 |

| יאָהר | מאָנאַט | טאָג | |
|---|---|---|---|
| 1910 | אָקטאָבער | 14 | געשטאָרבען א. ל. לעווינסקי . . . . . . |
| 1910 | דעצעמבער | — | די רעגאַליזירונג פון דער ערשטער יודיש-טער-קישער קאָלאָניזאַציאָנס-געזעלשאַפט אונטער דעם נאָמען: „Société de Commerce, Industrie et d'Agriculture“. . . |
| 1910 | דעצעמבער | — | געגרינדעט „בית שמן“ בײַ לוד . . . . . . |
| 1910 | דעצעמבער | 6 | געשטאָרבען שפ״ר (שאול פנחס ראַבינאָוויץ) . |
| 1911 | פעברואַר | — | די גרינדונג פון דער קאָלאָניע „מרחביה“ אין עמק-ישראל . . . . . . . . . |

## בערמאַן, וואַסילי (זאב בן אליעזר).

איז געבאָרען אין מיטאַווע אין יאָהר 1862, געשטאָרבען אין קאַאיר
אין יאָהר 1896. ווען ער איז נאָך געוועזן אַ סטודענט האָט ער גע-
דרוקט אַרטיקלען אין דער צייטשריפט „רוסקי יעווריי“, וועלכע זיין פאָטער
האָט געגרינדעט און אַרויסגעגעבען. בערמאַן פלעגט זיך דאַן אונטערשרייבען
מיט דעם פסעוודאָנים בן-אליעזר. פיעל ענערגיע האָט בערמאַן אָבגעגעבען
דער געזעלשאַפטליכער אַרבייט פאַר די יודישע אינטערעסען, ער האָט, אַגב,
געאַרבייט אַלס סעקרעטאַר אין צענטראַל-קאָמיטעט פון יק״א. אין יאָהר
1893 האָט בערמאַן, לויט דעם אויפטראָג פון יק״א, אונטערגענומען
אַ לאַנגע רייזע איבער אייראָפּא, אום צו ערלערנען די עמיגראַציאָנס-
פראַגע. דער רעזולטאַט פון דער דאָזיגער רייזע האָט זיך אַרויסגעוויזען
אין דעם, וואָס ביים צ. ק. פון יק״א האָט זיך געגרינדעט אַ כפּעציעלע
עמיגראַציאָנס-אָבטיילונג. צום חובבי-ציוניזם איז בערמאַן צוגעשטאַנען נאָך
אין אָנהויב פון די 80-יאָהרען, בעת ער איז נאָך געוועזן אַ סטודענט. ער
האָט געאַרבייט פאַר די אָרגאַניזירונג פון די חובבי-ציון אַגודות, האָט מיטגע-
האָלפען לעגאַליזירען דעם אָדעסער פּאַלעסטינער קאָמיטעט, האָט גע-
שטיצט די בילו׳צעם — און האָט אַרויסגעגעבען צוויי ציוניסטישע זאַמעל-
ביכער אויף רוסיש „פּאַלעסטינא“ (1884) און „ציון“ (1892). דאָס
לעצטע זאַמעלבוך איז געווידמעט דעם אָנדענקען פון ל. פינסקער. צווישען
די רוסישע חובבי-ציון טיילט זיך בערמאַן אויס מיט זיין ברייטען וויסענ-
שאַפטליכען שטעלען די פראַגע וועגען קאָלאָניזירען פּאַלעסטינא.

## בערנאַר, לאַזאַר

איז געבאָרען אין נים, אין יאָהר 1865, געשטאָרבען אין פּאַריז אין
יאָהר 1903. בערנאַר איז אַ זוהן פון אַ רייכען פראַנצויזישען סוחר, וועלכער
האָט געפיהרט שטרענג רעליגיעז זיין הויז — און הגם דער יונגער בערנאַר
האָט ניט געלערנט די יודישע לימודים, האָט ער דאָך אַרויסגעטראָגען פון
זיין פאָטערס הויז אַ צוגעבונדענקייט צום יודענטום. נאָך אין אָנהויב
פון זיין ליטעראַרישער טעטיגקייט איז בערנאַר אַרויסגעטראָטען מיט אַנ-
אַרטיקעל, אין וועלכען ער האָט פערטיידיגט די פראַנצויזישע יודען פון
די אַנטיסעמיטישע אָנפאַלען. זיינע ווייטערדיגע אַרטיקלען האָבען אַליין

מעהר געוויזען, אז בערנאַר פערשטעהט וואָס ווייטער אַליץ טיעפער די יידען־פראַגע. ער גיט זיך איננאַנצען אָב דער ערלערנונג פון דער יודישער געשיכטע און פון דער איצטיגער לאַגע פון די יודען, און דער עיקר שטודירט ער די פראַגע וועגען דער פיינדשאַפט צו די יודען מצד די אַרומיגע פעלקער. אַלס רעזולטאַט פון דער דאָזיגער אַרבייט איז ערשיענען זיין בעוואוסטעס בוך „אַנטיסעמיטיזם". אין בוך אָנערקענט בערנאַר די ראָל פון נאַציאָנאַלען מאָמענט אין דער געשיכטע און, עס קאָן זיין, אַז בערנאַר איז דער ערשטער פון די פראַנצויזישע יודען־שרייבער, וואָס האָט אָנערקענט און בעוויזען, אַז די יודען זענען אַ נאַציאָן. פון דער ליטעראַטור איז בערנאַר אַריבערגעגאַנגען דירעקט צים קאַמף מיט׳ן אַנטיסעמיטיזם. ער איז דער ע ר ש ט ע ר עפענטליך אַרויסגעטראָטען צו פערטיידיגען דרייפוס׳ן. דעם קאַמף האָט ער געפיהרט אָהן אַנ׳אויפהער מיט דער גאַנצער קראַפט פון זיין טאַלאַנט און געפיהל. און אונטער דעם איינדרוק פון דעם דאָזיגען קאַמף האָט זיך אין בערנאַר׳ן אַליץ מעהר און מעהר פערשטאַרקט דאָס נאַציאָנאַל־יודישע זעלבסטבעוואוסטזיין — און ער שטעהט צו צום ציוניזם. בערנאַר האָט גענומען אַנ׳אָנטייל אין צווייטען ציוניסטישען קאָנגרעס, אויף וועלכען ער האָט געהאַלטען אַ רעדע, וואָס האָט בעוויזען, אַז די אידעע פ׳ן גערעכטיגקייט איז — די יודישע אידעע. בערנאַר איז אויסגעקליבען געוואָרען פאַר אַ מיטגליעד פון גרויסען אַקציאָנס־קאָמיטעט, נור קיין גרויסע טעטיגקייט האָט ער דאָרט ניט אַרויסבעוויזען. די לעצטע ליטעראַרישע אַרבייט בערנאַר׳ס איז געוועזען זיין בוך „די יודען אין רומעניען", וואָס איז ערשיענען אין יאָהר 1902. דער טויט האָט איהם ניט דערלאָזען צו פערענדיגען אַ עהנליכע אַרבייט וועגען די יודען אין גאַליציען.

## וויסאצקי, קלונימוס זאב

איז געבאָרען אין שטעדטעל קליין זשאַגאָר, קאָוונער גובערניע, אין יאָהר 1824. זיין פאָטער איז געווען אָרים און דער קליינער יונגעל האָט בעקומען זיין ערציהונג אין הדר. 18 יאָהר אַלט האָט ער התונה געהאַט. שוין נאָך דער התונה האָט ער זיך ווייטער גענומען צום לערנען — אין וואָלאָזשינער ישיבה, וואו ער איז אָבגעזעסען דריי יאָהר. ווען מען האָט אין די צייטען פון ניקאָלאַי דעם ערשטען אָנגעהויבען צוציהען יודען צו ערדאַרבייט, — איז וויסאָצקי צוזאַמען מיט אַנדערע

געוואָרען אַ ערדאַרבייטער און האָט אין יאָהר 1848 נעגרינדעט די קאָ־לאָניע „דובנאָ“ נעבען דווינסק, נור אין גיכען האָט ער די קאָלאָניע פערלאָזען און האָט אָנגעהויבען האַנדלען מיט תבואה. אין יאָהר 1854 האָט ער זיך בעזעצט אין קאָוונא און האָט געלערנט אין ר׳ סאַלאַנטער׳ס קלויז, אין יאָהר 1858 האָט ער זיך אַריבערגעקליבען קיין מאָסקווע, האָט דאָרט אָנגעהויבען צו האַנדלען מיט טיי — און איז רייך געוואָרען. וויסאָצקי איז געווען אַ נדבן פון אַ גאַנץ אייגענטימליכען טיפּ. גרויסע סומען געלד האָט ער געגעבען אויף יודישע אַלגעמיין־נאַציאָנאַלע בעדערפ־נישען, אויף קולטורעלע אונטערנעהמונגען, אויף יודישע ליטעראַטור, אויף קאָלאָניזירען פּאַלעסטינא. ביז איהם פלעגט מען ביי יודען נור גאַנץ זעלטען מנדב זיין אויף יודישע נאַציאָנאַל־גייסטיגע זאַכען. וויסאָצקי האָט נעגרינדעט דעם זשורנאַל „השלח“ און האָט איהם אויף זיינע מיטלען אויס־געהאַלטען אין משך פון דעם ערשטען יאָהר, און דערנאָך האָט ער איהם אַ לאַנגע צייט סובסידירט. וויסאָצקי האָט אויך סובסידירט שולען און האָט אויסגעהאָלפען איינצעלנע געלעהרטע. אין 1885 האָט ער איבערגעלאָזען אין רשות פון „אַליאַנס“ 10,000 רובל, מיט דעם ציעל צו בענוצען זיך מיט זיי אַ געוויסען משך צייט נאָך זיין טויט, אַלס מיט אַ פאָנד צו גרינדען אַ יודישע וויסענשאַפטליכע אַקאַדעמיע אין א״י. לויט דער צואה האָט וויסאָצקי איבערגעלאָזען אויף אַלגעמיין־יודישע בעדערפענישען אַ מיליאָן רובל. דער דאָזיגער מיליאָן ווערט אויסגעצאָהלט דורך וויסאָצקי׳ס יורשים צו צוואַנציג טויזענד רובל אַ יאָהר אין אַ משך פון 50 יאָהר. יעדע פינף יאָהר קומען זיך צונויף די אַפּטרופּסים איבער די ירושה און זיי בעשליסען צוזאַמען אויף וואָס נעמליך אָבצוגעבען די אָנגעקליבענע סומע. די אַפּטרופּסים זענען: אַחד־העם, דער מאָסקווער רב מזה און ה׳ שמעלקין פון מאָסקווע. וויסאָצקי איז געווען פון די ערשטע חובבי־ציון. אין אָנ־הויב פון די 80־ער יאָהרען האָט ער געמאַכט אַ רייזע איבער פּאַלעסטינא, וואָס האָט נעגעבען געוויסע פּראַקטישע רעזולטאַטען פאַר די קאָלאָניזאַציע. וויסאָצקי איז געשטאָרבען אין מאָסקווע, דעם 12־טען מאַי 1904.

## הערצעל, טעאדאר (בנימין־זאב)

איז געבאָרען געבאָרען געוואָרען דעם 20־טען מאַי 1860 (י״א אייר תר״ך) אין בודאַפּעשט. זיין פאָטער איז געווען אַ רייכער סוחר. די ערשטע ערציהונג האָט הערצל בעקומען אין אַ יודישער שול. 10 יאָהר



ד"ר טעאָדאָר הערצל.

אַלט איז ער אָנגעקומען אין רעאַל־שול, און פון דאָרט אין גימנאַזיע. מחמת דעם, וואָס איז געשטאָרבען זיין איינציגע שוועסטער, 18 יאָהר אַלט, איז די גאַנצע משפחה אַרויסגעפאָהרען קיין ווין און האָט זיך דאָרט בעזעצט. הערצל איז אָנגעקומען אין אוניווערזיטעט אויף דעם יורי־דישען פאַקולטעט. אין יאָהר 1884 האָט ער בעקומען דעם דיפּלאָם, איז אָנגעקומען אויף אַ מלוכה־שטעלע און האָט געאַרבייט אין די געריכט־אַנשטאַלטען פון ווין און זאַלצבורג. נור אַזוי ווי עס איז ניט געווען קיין אויסזיכט פאַר הערצל׳ען, אַלס יוד, צו ווערען אַ ריכטער, האָט ער געוואָרפען זיין שטעלע, אָנגעהויבען צו רייזען און שרייבען פאַר׳ן טעאַטער. זיינע רייזע־בעשרייבונגען זענען געווען אַזוי טאַלענטפול, אַז אין יאָהר 1861, ווען הערצל האָט געדרוקט איבער שפּאַניען, האָט ער בעקומען פון דער „נייער פרייער פּרעסע" אין ווין אַנ׳איינלאַדונג צו ווערען איהר קאָרעספּאָנדענט אין פּאַריז — און הערצל האָט דעם דאָזיגען פאָרשלאַג אָנגענומען. צו יענער צייט האָט הערצל נור וואָס חתונה געהאַט מיט פר. יוליע נאַשויער. אין פּאַריז האָט הערצל אויפגעשריבען אַ סעריע פעליעטאָנען „פּאַלע בורבאָן", וועלכע ער האָט אַליין געזאַמעלט פאַר זיינע בעסטע. די דאָזיגע פעליעטאָנען צייכענען זיך באמת אויס מיט זייער שענעם, אָריגינעלען סטיל און מיט דער שאַרפקייט פון בעאָבאַכטונג — און בעווייזען, אַז זייער פערפאַסער פערמאָגט אַ גרויסען ליטעראַרישען טאַלענט און אַ רייכע פּאָעטישע נשמה. אין פּאַריז האָט הערצל אויפגעשריבען אויך זיינע „פילאָזאָפישע ערצעהלונגען". אין יאָהר 1895 איז הערצל אַריינגעטראָטען אין רעדאַקציע פון „נייע פרייע פּרעסע", אַלס רעדאַקטאָר פון פעליעטאָן און פון דעם ליטעראַרישען טייל פון דער צייטונג. הערצל איז אויך געווען בעוואוסט אַלס דראַמאַטורג. אַ גאַנצע רייהע פון זיינע פּיעסען זענען גע־שפּיעלט געוואָרען אין בערלינער און ווינער טעאַטערס. אין דעם משך פון די לעצטע צוויי מאָנאַטען, וואָס הערצל איז געווען אין פּאַריז, האָט ער דאָרט אויפגעשריבען די הויפּט־אַרבייט פון זיין לעבען — דאָס ווערק „יודענשטאַאַט". דאָס דאָזיגע ביכעל הויבט אָן מיט זיך אַ נייע עפּאָכע אין הערצל׳ס לעבען און אין ציוניזם. דאַן איז געגרינדעט געוואָרען דער פּאָליטישער ציוניזם — און זיין פיהרער איז געוואָרען הערצל. עס איז שווער געגעני אָנצווייזען די סבות, וואָס האָבען אַרויסגערופען אין הערצל׳ן די דאָזיגע גייסטיגע איבער־קעהרעניש און וואָס האָבען איהם צוריקגעקעהרט דעם יודענטום, נור עס איז ניטאָ קיין שום ספק, אַז דער דרייפוס־פּראָצעס האָט דאָ געשפּיעלט אַ געוויסע ראָל און איז געווען דער אויסערער שטויס, וואָס האָט אויפגעוועקט אין הערצל׳ן דעם יודיש־

נאציאנאלען געפיהל. הערצל האט לאנג זיך געשלאגען מיט דער דעה ארויסצוגעבען די בראשור, ציי ניט, נור די הסכמה פון מאקס נארדוי האט איהם צוגעגעבען מוט — און דער „יודענשטאאט“ איז ערשיענען. נאך דעם, ווי די בראשיור איז ערשיענען, האבען די ציוניסטען פון דער גאנצער וועלט, ווי פון זיך אליין אנגעהויבען צו גרופירען זיך ארום הערצל'ען — און ער איז נאטירליך געווארען דער אנערקענטער פיהרער פון דער בעוועגונג. הערצל האט בעשאפען דעם קאנגרעס — און מיט אנ'אונגעהויערען ענטוזיאזם האט איהם דער ערשטער קאנגרעס אויסגעקליבען פאר א פארזיצענדען פון אקציאנס־קאמיטעט; פון דעם מאמענט הויבט זיך אן הערצל'ס שאפען די ציוניסטישע פאלקס־בעוועגונג — הערצל האט ענטוויקעלט א קאלאסאלע פראפאגאנדע, האט געגרינדעט „די וועלט“, האט געגעבען די איניציאטיווע צו גרינדען די יודישע קאלאניאל־באנק. הערצל האט בעשאפען כמעט אלע „אינסטרומענטען פון דער בעוועגונג“. פון דער ארגאניזאציאנס־ארבייט איז הערצל אריבער צו א ברייטער פאליטיש־דיפלאמאטישער טעטיגקייט. דער אונגעהויער איינפלוס פון זיין פערזאן, דער ריינסטער אידעאליזם און די שענקייט פון זיין גאנצען וועזען האבען איהם ערווארבען די טיעפע סימפאטיען פון די אלע, מיט וועלכע איהם איז נור אויסגעקומען צו טרעפען זיך. די אייראפעאישע פאלאצען האבען זיך פאר איהם פונאנדערגעעפענט — ער איז אנגענומען געווארען פון דעם דייטשען קיסר, פון סולטאן אין אילדיז קיאסק, פון דעם איטאליענישען קעניג, פון דעם רוימישען פויבסט און פון דעם אלמעכטיגען, אין יענער צייט, פלעווע'ן. אין יאהר 1902 האט הערצל געפיהרט פערהאנדלונגען וועגען קאלאניזירען דעם האלב־אינזעל סיני. ווען דער דאזיגער פלאן האט זיך ארויסגעוויזען פאר אונאויספיהרבאר האט די ענגלישע רעגירונג פארגעלעגט הערצל'ען צו קאלאניזירען אוגאנדע. צוליעב דעם אוגאנדע־פראיעקט האט הערצל געהאט אויסצושטעהן פיעל אנפאלען און טענות. מען האט איהם בעשולדיגט אין דעם, אז ער איז ניט גענוג שטארק איבערגעגעבען פאלעסטינא. מען איז אויך אנגעפאלען, אויף זיין ציוניסטישען ראמאן „אלטניילאנד“, וואס איז ערשיענען אין זעלבען יאהר. אין דער ארגאניזאציע גיפא זענען פארגעקומען רייבונגען, צוזאמענשטויסען און א שטארקער קאמף אויף דעם באדען — „אוגאנדע־ציוניזם“. הערצל'ס געזונדהייטס־צושטאנד, וואס איז שוין אויך אהן דעם געווען אנגעגריפען פון דער אונאויפהערליכער ארבייט, איז נאך ערגער געווארען. גלייך נאך דער זיצונג פון אקציאנס־קאמיטעט, אין יאהר 1904, איז הערצל'ס געזונדהייט אויף אזוי פיעל פערערגערט געווארען, אז די דאקטוירים האבען איהם

פערארדענט אונגעזאמט אַרויסצופאָהרען אין פראַנצענסבאַד, נור אויך דאָרט האָט הערצל ניט אויפגעהערט צו אַרבייטען. אין ניכען איז ער געוועזען גע־נויט אַריבערצופאָהרען אין עדלאַך נעבען וויען און איז דאָרט געשטאָר־בען דעם 21־טען יוני (3־טען יולי) 1904. אין דער צוואה בעט ער, אַז מען זאָל זיינע ביינער ברענגען קיין ארץ־ישראל, ווי נור דאָס גרונד־ציעל פון ציוניזם וועט דערגרייכט ווערען. הערצל'ס לעבען איז דורך און דורך פערבונדען מיט דער געשיכטע פון ציוניזם פון די ערשטע זעקס קאָנגרעסען, פון וועלכע ער איז תמיד געווען דער פרעזידענט. הערצל איז געוועזען ניט נור דער פאָרשטעהער פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, ניט נור איהר ראש, נור אויך איהר אָנפיהרענדע קראַפט, איהר נשמה.

## העס, משה

איז געבאָרען געוואָרען דעם 21 יאַנואַר 1812 אין באָן. זיינע עלטערען, פרומע יודען, האָבען איהם געגעבען אַ גוטע יודישע ערציהונג. אין יאָהר 1830 איז העס אָנגעקומען אין אוניווערזיטעט, — און שוין דאַן האָט ער זיך שטאַרק אינטערעסירט מיט'ן סאָציאַליזם. דאָס ערשטע גרויסע ווערק העס'ס איז ערשינען אין יאָהר 1837, אין שטודהאַרט, און האָט געהייסען: „די הייליגע געשיכטע דער מענשהייט. פון איינעם יונגער ספינאָזאס". אין יאָהר 1841 איז ערשינען אין לייפּציג זיין בוך „די אייראָפּעאישע טריאַרכיע", — אַ ווערק, וואָס בעוואונדערט מיט איהר טיעפקייט פון גייסט און כמעט מיט אַנ'אמת'ן פאָראויסזעהן די געשעהענישען אויף צעהנדליגער יאָהרען. אין יאָהר 1842 און 1843 איז ער געווען רעדאַקטאָר פון דער „ריינישער צייטונג", אַנ'אָרגאַן פון דער פעראייניגטער פרייסיש־דייטשער אָפּאָזיציע. שפּעטער האָט ער פון פּאַריז געאַרבייט פאַר פערשידענע אָפּאָזיציאָנעלע צייטשריפטען פון יענער צייט, צווישען זיי אין די „דייטש־פראַנצויזישע יאַהרביכערן", וועלכע עס האָבען אַרויסגעגעבען קאַרל מאַרקס און רוגע. פּאַריז איז געוואָרען פאַר העס'ען אַ צווייטע היימאַט, וואו ער האָט געלעבט כמעט די גאַנצע צייט, אַלס זשורנאַליסט און וואו ער איז אויך געשטאָרבען דעם 6־טען אַפּריל נ. ס. 1875. העס איז געווען איינער פון די פאָרגענגער פון איצטיגען סאָציאַליזם און אַ פריינד און מיטאַרבייטער פון קאַרל מאַרקס'ן. העס איז, אָבער, אויך געווען איינער פון די ערשטע בעגרינדער פון ציוניזם. אַ בעזונדערען ווערט האָט זיין בוך „רוים און ירושלים", וואָס איז ער־

שינען אין יאהר 1862. דאס איז געווען א צייט, ווען די אסימילאציע אין דייטשלאנד האט דערגרייכט איהר העכסטען פונקט. העס'ס בוך איז דאן ערשיענען, ווי א שטימע פון יענער וועלט, און האט בעגעגענט א פאלשטענדיגע אונבערשטענדליכקייט. נור אויך אין דעם ציוניסטישען ווערק זיינעם, ווי אין זיינע פאליטיש-סאציאליסטישע, האט העס פאראויס-געזעהן די געשעהענישען אויף גאנצע צעהנדליגער יאהרען. יוען אין יאהר 1899 איז ערשינען די צווייטע אויסגאבע פון זיין „רוים און ירושלים", — האט דאס בוך שוין געפונען צעהנדליגער טויזענדער אנ-הענגער אפילו אין דייטשלאנד, און העס האט שוין דאן געלעבט אין אונ-זער בעוואוסטזיין, ווי איינער פון די בעשעפער פון ציוניסטישען געדאנק און ציוניסטישע געפיהל.

## גארדאן, דוד

איז געבארען געווארען אין שטעדטעל סערהיי. אין די יונגע יאהרען איז ער אוועקגעפאהרען אין אויסלאנד, האט זיך געלערנט אין לאנדאן און שטודירט שפראכען און וויסענשאפטען. ווען זילבערמאן האט געגרינדעט דעם „המגיד" אין ליק האט ער איינגעלאדען גארדאנ'ען אלס דעם נאהנסטען מיטארבייטער — און אין גיכען איז גארדאן געווארען דער רעדאקטאר פון „המגיד". דוד גארדאן איז געווען אין זיין צייט איינער פון די געבילדעטסטע יודישע פובליציסטען. א געוויסע צייט איז ער געווען א מיטארבייטער פון לאנדאנער „טיימס", ער האט אויך אנטייל גענומען אין פראנצויזישע און דייטשע אויסגאבען. דוד גארדאן איז איינער פון די ערשטע הובבי-ציון און נאך אין יאהר 1871 האט ער אבגעדרוקט אין „המגיד" א ריהע ארטיקלען וועגען קאלאניזירען פאלעסטינא, אלס א צענטר פון אויפלעבונג פון יודישען פאלק. גארדאן איז געשטארבען דעם 6-טען מאי 1886, אויף דעם 54-טען יאהר פון זיין לעבען.

## קאלישער, ר' צבי-הירש

איז געבארען געווארען אין יאהר 1795 אין ליס, פרייסען. זיין תלמודישע בילדונג האט ער בעקומען ביי דעם בעריהמטען ר' עקיבא

אייגער אין פּאָזען. נאָך דער חתונה האָט זיך קאַלישער בּעזעצט אין טאָרן, וואו ער איז פערבּליבּען בּיז ענדע פון זיין לעבּען. נאָך אין די יונגע יאָהרען זיינע האָט ער אויפגעשריבּען עטליכע בּיכער איבּער רעליגיעזע פראַגען און האָט מיטגעאַרבּייט אין „המגיד". פאַר די פּאַלעסטינא-אידעע האָט קאַלישער אָנגעהויבּען צו אַרבּייטען אין יאָהר 1836, צוזאַמען מיט ר' אליה גוטמאַכער (געבּאָרען געוואָרען 1796, געשטאָרבּען 1874). אין 1843 איז ערשינען קאַלישער'ס בּוך „ספר אמונה ישרה". שוין אין דעם דאָזיגען בּוך ענטוויקעלט קאַלישער אַ פּלאַן ווי צו קאָלאָניזירען פּאַלעסטינא, גענויער ענטוויקעלט ער זיינע ציוניסטישע אידעען אין בּוך „דרישת ציון", וואָס רעדט וועגען דער „רעטונג פון יודען" דורך פּאַלעסטינא-קאָלאָניזאַציע. דעם גרעסטען טייל פון זיין טעטיגקייט האָט קאַלישער געווידמעט דער אידעע פון קאָלאָניזירען פּאַלעסטינא, פערשטעהענדיג איהר, אַלס אַ אידעע פון בּעשאַפען אַ היימאַט פאַר דאָס יודישע פאָלק און אַ יודישען ערדאַרבּייטער-קלאַס אין ארץ-ישראל. קאַלישער האָט געגעבּען די איניציאַטיווע דער „אַליאַנס" צו גרינדען נעבּען יפו די די ערדאַרבּייטער-שול „מקוה ישראל". אין יאָהר 1861 האָט קאַלישער געגרינדעט אין פראַנקפורט די ערשטע קאָלאָניזאַציאָנס-אגודה. קאַלישער איז געשטאָרבּען דעם 16-טען אָקטאָבּער 1874, אין טאָרן.

# כהן, לעאָפּאָלד

איז געבּאָרען געוואָרען אין דער שטאָדט סוטשאַווא אין בּוקאָווינע, אין אַ רעליגיעזער יודישער פאַמיליע. ער האָט בּעקומען אַ גוטע יודישע ערציהונג. צו דער ציוניסטישער בּעוועגונג איז כהן צוגעשטאַנען גלייך נאָך דער ערשטער אַרויסטרעטונג פון הערצל'ן, מיט וועלכען ער האָט דערנאָך געאַרבּייט האַנד בּיי האַנד בּיז די לעצטע מאָמענטען פון הערצל'ס לעבּען. כהן איז געוועזען אַ מיטגליעד פון קליינעם אַקציאָנס-קאָמיטעט פון II בּיזין VII קאָנגרעס. אין משך פון דער גאַנצער צייט איז ער געוועזען אַן'אַקטיווער מיטאַרבּייטער פון הערצל'ן אין אָנפיהרען מיט דער בּעוועגונג. אין יאָהר 1904 האָט ער, לויט דעם אויפטראָג פון אַקציאָנס-קאָמיטעט, ערלערנט אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל די טערקישע אַגראַר-געזעצגעבּונג און זיין אַרבּייט וועגען דעם האָט ער פערעפענטליכט אין „די וועלט". כהן האָט פיעל אויפגעטהון פאַר די פערשפּרייטונג פון די ציוניסטישע אידעען, איבּערהויפט צווישען דער יוגענד, פאַר וועלכע ער פלעגט אָפט אַרויסטרעטען

מיט רעדעס. כהן איז געשטארבען דעם 22 יאנואר נ. ס. 1909, אין ווינ, אויף דעם 50־טען יאהר פון זיין לעבען.

## לעוואנדא, יהודה ליב בן יוסף

איז געבאָרען אין מינסק, אין יוני 1835. דער גורל פון לעוואנד'ען, אלס ליטעראט, איז ענג פערבונדען מיט דעם גורל פון דער רוסיש־יודישער פרעסע. לעוואנדא האט גענומען א נאהענטען אנטייל שוין אין דעם ערשטען „ראזסוועט" פון יוסף ראבינאוויטש (1860). ער האט דארט אבגעדרוקט („אונטער די איניציאלען ל. ל.) זיין בעוואוסטע קארעספאנדענץ פון מינסק, וועלכע האט ענטהאלטען די כאראקטעריסטיק פון יודישען לעבען אין צפון־מערב קאנט. אין „ראזסוועט" האט ער אויך געדרוקט זיין ערשטען ראמאן „דעפא פון כאקאליי־סחורות", וואס האט געהאט א גרויסען ערפאלג. דער „ראזסוועט" האט עקזיסטירט בסך־הכל איין יאהר — זיין ארט האט פערנומען „ציון", אין וועלכען לעוואנדא האט אבגעדרוקט א ריהע פעליעטאנען, דעם ארטיקעל „פראבוושדיעניע", געווידמעט דעם יאהריגען יובילעאום פון דער רוסיש־יודישער פרעסע, און די ערצעהלונג „פריינד בערנהארדט". „ציון", האט אויפגעהערט צו ערשיינען אין יאהר 1862. ביז דעם יאהר 1869 איז קיין נייער רוסיש־יודישער ארגאן ניט געווען. לעוואנדא פרובירט זיינע כחות אין דער אלגעמיין־רוסישער פרעסע. אין יאהר 1871 הויבט אן ארויסצוגעהן די „יודישע ביבליאטעק" און לעוואנדא ווערט איינער פון איהרע הויפט־מיטארבייטער. אין דער דאזיגער „ביבליאטעק" האט ער אבגעדרוקט זיין בעסטען ראמאן "Горячее время„ לעוואנדא האט, דערנאך, מיטגעארבייט אויך אין „רוסקי יעווריי", „ראזסוועט" און „וואסחאד„. ביז די 80־ער יאהרען איז לעוואנדא געווען די נשמה פון דער השכלה־בעוועגונג, פון 82־טען יאהר אן ווערט ער די נשמה פון די נאציאנאלע שטרעבונגען פון רוסישען יודענטום. די פאגראמען און די רעאקציע פון די 80־ער יאהרען האבען זייער זאך אויפגעטהון: אין לעוואנדא'ן קומט פאר א טיעפע איבערקעהרעניש. ער ווערט א „אינטעליגענט, וואס איז זיך מתודה". — 20 יאהר האט ער געפרעדיגט אסימילאציאנס־אידעען, און מיט אמאל „שטעלט זיך ארויס, אז ניט נור דאס פינסטערע פאלק איז געשטאנען פון ווייטען און האט געקליבען נחת פון מיין אונגליק". און דער מיניסטער פון אינערן איז עפענטליך מודיע, אז „די מערב־גרעניץ

איז פאַר יודען תמיד אָפען׳. אין אַ סעריע פעליעטאָנען אונטער דעם נאָמען „Мысли недоумѣвающаго“ и „Сонъ недоумѣвающаго“ האָט האָבען זיך אָנגעהויבען צו דרוקען אין יולי 1882 אין צייטען „ראַזסוועט“ איז שוין קלאָר קענטיג לעוואַנדאַ׳ס איבערגאַנג פון משכילים צו די נאַציאָנאַלע אידעאַלען פון נייעם יודענטום. לעוואַנדא איז געוואָרען איינער פון די הויפט־אָנפיהרער פון דער פאַלעסטינישער בעוועגונג. אין ה. בערמאַנ׳ס זאַמעלבוך „פאַלעסטינא“ (1884) האָט לעוואַנדא אָבגעדרוקט אַ אינאַרטיקעל „דער תוך פון דער פאַלעסטינער בעוועגונג“. דער דאָזיגער אַרטיקעל קלערט אויף לעוואַנדע׳ס שטאַנדפונקט אויף די פאַלעסטינא־בעוועגונג. לעוואַנדא איז געשטאָרבען דעם 6־טען מערץ 1888 (ז׳ ניסן תרמ״ח).

# ליליענבלום, משה־ליב

איז געבאָרען געוואָרען דעם 10־טען אָקטאָבער 1843 אין קיידאַן, קאָוונער גובערניע. פינף יאָהר אַלט האָט מען איהם אָבגעגעבען אין חדר. צו זיבען יאָהר האָט ער שוין געלערנט גמרא. צו דרייצעהן יאָהר איז ער געוואָרען אַ חתן פון אַ 11־יאָהריגער מיידעלע און אין צוויי יאָהר אַרום האָט מען דאָס יונגע פּאָרעל חתונה געמאַכט. משה ליב האָט זיך איבערגעקליבען אין ווילקאָמיר, וואו ער האָט פלייסיג געלערנט תלמוד. אין ניכען עסענט ער דאָרט אַניאיינגענע ישיבה פון 15 בחורים. פאַר זיין גאַנצע אַרבייט בעקומט ער 65 רובל אַ זמן. שוין דאַן האָט ליליענבלום אָנגעהויבען צו צווייפלען אין דער אַבסאָליוטער הייליגקייט און אונבעדינגטער וויכטיגקייט פון איניגע יודיש־רעליגיעזע מנהגים. אַ לאַנגע צייט האָט ער זיינע ספקות בעהאַלטען טיעף אין האַרצען און נור נאָך דעם, ווי ער האָט זיך בעקאָנט מיט די ווערק פון נ. קראָכמאַל און י. ב. לעווינזאָן און מיט דער דעמאָלדיגער השכלה־ליטעראַטור איז משה ליב שטאַרק געוואָרען אין זיינע ספקות און ער הויבט אַליין אָן אַרויסצוזאָגען „אפיקורסישע דעות. די אָרטאָדאָקסיע האָט אויפגעהויבען אַ טומעל. אין ליליענבליומען האָט זי דערפיהלט אַ געפעהרליכען שונא, וואָס קען פערשפּריידען זיינע אידעען און וואָס ווייס אויסגעצייכענט תלמוד. געגען ליליענבליומען האָט מען אָנגעהויבען פיהרען אַ שטאַרקען קאַמף. זיינע געדאַנקען פלעגט מען איבערגעבען פאַלש, וועגען איהם גופא פלעגט מען פערשפּרייטען משוגה־דיגע קלאַנגען, מען פלעגט איהם ניט לאָזען צורוה, — ליליענבליום, אָבער,



משה ליב ליליענבלום.

האָט זיך ניט אונטערגעגעבען און האָט ווײַטער געפּיהרט זײַן קאַמף פאַר די רעליגיעזע בענײַאונג פון יודענטום. אין יאָהר 1869 פערלאָזט ליליענ־בליום ווילקאָמיר און בעזעצט זיך אין אָדעס. דערבײַ טרוימט ער אָנ־צוקומען אין א העכערע לעהר־שול. אין דעם זעלבען יאָהר האָט לי־ליענבליום אָנגעשריבען זײַן פּאָעמא „קהל רפאים“. די שלעכטע מאַ־טעריעלע בעדינגונגען פון זײַן לעבען פערטיפען נאָך מעהר זײַן פער־צווייפעלטע לאגע און זײַנע אינערע איבערלעבונגען. אין יאָהר 1873 האָט ליליענבליום אַרויסגעגעבען זײַן ודוי „הטאת נעורים“. אין דער אַנדערער העלפט פון די 70־ער יאָהרען וואַקסען אָן אין ליליענבליומען נײַע אידעען. די פּאָגראָמען פערטיפען נאָך מעהר די דאָזיגע אידעען. ליליענבליום ווערט אַ קנאי פון דעם אידעאַל אויפצולעבען דאָס יודישע פאָלק אין פּאַלעסטינא. אין יאָהר 1884 ערשײַנט זײַן בראָשיור „О возрожденіи etc“ וואָס האָט געהאַט אַ גרויסען אַגיטאַציאָנס־ווערט. ליליענבליום פּראָפּאַגאַנדירט זײַן אידעע אונאויפהערליך: אין „המגיד“ און אין „ראַזסוועט“, אין „המליץ“ און אין „יודישעס פאָלקסבלאַט“. ליליענבליומ׳ס ציוניסטישע פּראָגראַם איז געווען — וואָס וועניגער טעאָריע און וואָס מעהר פּראַקטישע אַר־ביט. די עראָבערונג פון דער קלענסטער פּאָזיציע אין פּאַלעסטינא איז פיעל מאָל וויכטיגער ווי די אַלערלייאידיגע טעאָרעטישע בעגרינדונגען און בעווײַזען. ביז דעם לעצטען מאָמענט פון זײַן לעבען האָט ליליענבליום ניט אויפגעהערט צו אַגיטירען און צו פערטיידיגען זײַן אידעע. אין איהר האָט ער געפונען דאָס ציעל פון זײַן לעבען — און ער האָט איהר געדיענט מיט זײַן גאַנצער קריסטאַל־ריינער נשמה און מיט אַלע כּחות פון זײַן טאַלענט. פון דער צײַט אָן, ווי עס איז געגרינדעט געוואָרען דער אָדעסער פּאַלעסטינער קאָמיטעט, איז ליליענבליום געווען איינער פון זײַנע הויפּט־ארבייטער און זײַן שטענדיגער סעקרעטאַר אין אַ משך פון צוואַנציג יאָהר. ליליענבליום איז געווען דער בולט׳סטער פּאָרשטעהער פון דער „הבת־ציון“ אידעע. ליליענבליום איז געשטאָרבען אין דער נאַכט אויף דעם 30־טען מערץ 1910.

## מארמארעק, אסקאר

איז געבאָרען געוואָרען דעם 9־טען אפּריל 1863 אין דעם גאַליצי־שען שטעדטעל סקאַט. זײַן פאָטער איז געווען אַ מיליטער־דאָקטאָר. פון דער פאַמיליע, אין וועלכער עס זענען אָבגעהיט געוואָרען די בעסטע יודישע

טראַדיציעס, האָט מאַרמאָרעק אַרויסגעטראָגען אַ ליעבע צום יודענטום און אַ טיעפען יודיש־נאַציאָנאַלען געפיהל. נאָך גאָר אין די יונגע יאָהרען האָט זיך מאַרמאָרעק שטאַרק אינטערעסירט מיט אַרכיטעקטור. אין וויען און אין פּאַריז האָט ער פערענדיגט זיין בילדונג. מאַרמאָרעק איז געוואָרען אַ זעהר בעוואוסטער אַרכיטעקטאָר. זיינע אַרבייטען פלעגען ענטציקען די אַרכיטעקטור־קרייזען אין איירופּא. צווישען אַנדערעס האָט מאַרמאָרעק געאַרבייט איבער די פראַגע וועגען יודישען אַרכיטעקטור־סטיל און האָט געמאַכט עסקיזען אום צונויפשטעלען איבער אַ נייעס דעם בית־המקדש. גלייך ווי עס איז ענטשטאַנען דער ציוניזם איז מאַרמאָרעק געוואָרען זיינער אַ הייסער אָנהענגער און אַ פליסיגער אַרבייטער. ער האָט פיעל און ענערגיש געאַרבייט אין אַקציאָנס־קאָמיטעט, פאַר אַ מיטגליעד פון וועלכען ער איז אויסגעוועהלט געוואָרען אויף דעם 2־טען קאָנגרעס, ער איז אַרומגעפאָהרען אַניטירען, האָט בעגלייט הערצל'ען אין זיינע פּאָליטישע רייזען, האָט גענומען אַנ'אָנטייל אין דער עקספּעדיציע אום אויסצופאָרשען ועד־על־אַריש. מאַרמאָרעק האָט פערענדיגט זיין לעבען טראַגיש: מעהר ווי אַ יאָהר איז ער שטאַרק קראַנק געוועזען אויף די נערוועז, האָט פיעל געליטען פון מעלאַנכאָליע־אָנפאַלען און דעם 6־טען אַפּריל נ. ס. 1909 האָט ער זיך דערשאָסען אויף דעם יודישען בית־עולם נעבען דעם קבר פון זיין פאָטער.

# מאהילעווער, ר׳ שמואל

איז געבאָרען געוואָרען אין אַפּריל 1824 (כ״ז ניסן תקפ״ד) אין שטעדטעל גלובאָקאָיע, ווילנער גובערניע. זיין פאָטער איז געוועזען דער בעוואוסטער רב יהודה־ליב. 24 יאָהר אַלט איז ר׳ שמואל מאָהילעווער געוואָרען אַ רב אין סוואַלק, דערנאָך אין ראַדאָם. אין 1873 איז מאָהילעווער אָפען צוגעשטאַנען צו דער חברה „מפיצי השכלה“, צו וועלכער די אָרטאָדאָקסאַלע יודען, און דער עיקר די רבנים, האָבען זיך דאַן בעצויגען פאַנאַטיש־פיינדליך. דורך דעם איז מאָהילעווער געוואָרען זעהר פּאָפּולער. אין 1883 איז ער איבערגעפאָהרען קיין ביאַליסטאָק, וואו ער האָט פיעל געטהון אום צו פערלייכטערן די לאַגע פון דער

אָרימער יידישער מאַסע. די געשעהענישען פון יאָהר 1881 האָבען טיעף געווירקט אויף מאָהילעווער'ן. ער ווערט אַ הייסער אָנהענגער פון דער חובבי־ציון אידעע און איינער פון די הויפּט־אָנפיהרער פון דער נייער בעוועגונג. מיט זיין נאָמען איז צונויפגעבונדען די גרינדונג פון דער ערשטער חובבי־ציון־אַגודה (אין וואַרשוי, 1881). מאָהילעווער איז אומגע־פאָהרען איבער רוסלאַנד און מערב־אייראָפּא, און אומעטום האָט ער אָרגאַניזירט חובבי־ציון־אַגודות. אין פּאַריז האָט מאָהילעווער געמאַכט אַ שטאַרקען איינדרוק אויף דעם באַראָן עדמונד ראָטשילד, וועלכער האָט אונטער מאָהילעווער'ס ווירקונג גענומען אויף זיך צו שטיצען די עטליכע קאָלאָניעס, וואָס זענען שוין דאַן געגרינדעט געווען אין פּאַלעסטינא פון רוסישע יודען. מאָהילעווער איז געווען דער אָרגאַניזאַטאָר פון די וויכטיגסטע חובבי־ציון צוזאַמענפאָהרען. די צוזאַמענפאָהרען אין קאַטאָוויץ (6—11 נאָוועמבער 1884), אין דרוזקעניק (15 יוני 1887), אין ווילנא (זומער 1889) — זענען ענג פערבונדען מיט מאָהילעווער'ס נאָמען. אין 1890 האָט מאָהילעווער, וועלכער איז שוין דאַן געווען זעהר אַלט, געמאַכט אַ רייזע אין פּאַלעסטינא, אום פערזענליך איבערצייגען זיך אין דער מעגליכקייט צו פערווירקליכען זיינע אידעען — און ער האָט זיך אומגע־קעהרט פון דער דאָזיגער, שווערער רייזע פאַר זיין עלטער, פול מיט האָפ־נונג און מוט. ער האָט גלייך אָנגעשריעבען אַ בריעף צו דעם ראש פון דער וואָלאָזשינער ישיבה, ר' נפתלי בערלינ'ען; דער בריעף איז געוואָרען בעוואוסט אַלע חובבי־ציון־אַגודות, האָט אַלעמען בערוהיגט און האָט אויפגעמונטערט צו דער ווייטערדיגער אַרבייט. דאָס איז געווען גראָד אין דעם מאָמענט, ווען עס איז געגרינדעט געוואָרען דער אָדעסער פּאַלעסטינא־קאָמיטעט, פאַר די גרינדינג פון וועלכען מאָהילעווער האָט ניט ווייניג געאַרבייט. אין יאָהר 1894 האָבען אַלע חובבי־ציון־אַגודות געפייערט דעם 70־יאָהריגען יובילעאום פון מאָהילעווערען. צום אָנדענקען איז צו־נויפגעקליבען געוואָרען אַ קאַפּיטאַל, אום צו גרינדען אין פּאַלעסטינא אַ גאָרטען פון אחרונים (גן־שמואל). מאָהילעווער איז געשטאָרבען דעם 28־טען מאַי 1898, אין ביאַליסטאָק.

# מאנטעפיארע, משה

איז געבאָרען געוואָרען דעם 24־טען אָקטאָבער 1784 אין ליוואָרנא. אין דער יוגענד האָט ער געדיענט אין דער ענגלישער מיליציע. מאָנ־טעפיאָרע האָט פיעל מיטגעווירקט די ענגלישע יודען צו דערגרייכען פאָלשטענדיגע בירגערליכע און פּאָליטישע גלייכבערעכטיגונג. מאָנטעפיאָ־רע׳ס ווירקונג איז געווען גרויס אויך אויסער ענגלאַנד. עס איז ניט געווען קיין איין לאַנד אין איראָפּא, וואו די יודען זאָלען ניט האָבען געקוקט אויף מאָנטעפיאָרע׳ן ווי אויף זייער פאָרשטעהער און פערטיידיגער אין די מאָמענטען, ווען ס׳איז זיי פאָרגעשטאַנען א געפאַהר. מאָנטעפיאָרע איז געווען א פילאַנטראָפּ אין בעסטען זין פון וואָרט. ער פלעגט אויס־העלפען אַלע נויטבעדערפטיגע אָהן אונטערשיעד פון נאַציאָנאַליטעט און רעליגיאָן. מאָנטעפיאָרע איז געווען איבערגעגעבען ארץ־ישראל מיט דער גאַנצער ליבע פון זיין הארצען ביז דעם לעצטען מאָמענט פון זיין לעבען. די ערשטע רייזע אין פאַלעסטינא האָט ער געמאַכט צוזאַמען מיט זיין פרוי יהודית אין יאָהר 1828. אין 1840 איז ער צוזאַמען מיט אַדאָלף קרעמיע געפאָהרען קיין דמשק, אַלעקסאַנדריען און קאָנסטאַנטינאָפּאָל אום צו פערטיידיגען די יודען פון דער בעשולדיגונג אין עלילת־דם. מאָנטעפיאָרע האָט אויסגעווירקט די פאָלשטענדיגע בעפרייאונג פון די בעשולדיגטע און דער סולטאַן האָט אפילו ארויסגעגעבען א ספּעציעלע פעראָרדנונג, וואָס האָט פערוועהרט אויף ווייטער צו ערוועקען אַזוינע מינים בעשולדיגונגען. נאָך דעם דאָזיגען ערפאָלג איז מאָנטעפיאָרע געוואָרען אונגעהויער פּאָ־פּוליער. אין דייטשלאַנד איז אפילו ענטשטאַנען א געדאַנק איינצושטעלען א יעהרליכען יום־טוב, א מין צווייטען פורים, צום אָנדענקען פון מאָנ־טעפיאָרע׳ס ראָל אין דער בעפרייאונג פון די יודען אין דמשק. מיט דעם ציעל צו פערלייכטערען די לאַגע פון די רוסישע יודען האָט מאָנטעפיאָרע צוויי מאָל בעזוכט רוסלאַנד און איז אָנגענומען געוואָרען אין יאָהר 1846 פון קיסר ניקאָלאַי I און אין יאָהר 1872 פון קיסר אַלכסנדר II. אין יאָהר 1863 איז מאָנטעפיאָרע געפאָהרען קיין מאַראָקאָ און האָט אויסגעווירקט ביים סולטאַן א פעראָרדנונג לטובת די יודען. פון 1840 האָט מאָנטעפיאָרע אָנגעהויבען פיעל צו שטיצען די פאַלעסטינער יודען. ער האָט געשטרעבט אויפצוהויבען זייער גייסטיגען צושטאַנד, גרינדען ערדאַר־בייטער־קאָלאָניעס (אין יאָהר 1857 האָט ער געפּרובט גרינדען קאָלאָניעס נעבען צפת און טבריה). האָט געבויט שפּיטאָלען, פערשיעדענע אַנדערע וואָהלטעטיגע אנשטאַלטען, האָט געזאָרגט וועגען דער גוטער אָרדנונג אין



מאָנטעפיאָרע, משה

ירושלים. מאָנטעפיאָרע איז געווען אין פּאַלעסטינא 7 מאָל. מאָנטעפיאָרע האָט געלעבט 101 יאָהר. איז געשטאָרבען דעם 18־טען יולי 1885 (ט"ז אב תרמ"ה). משה מאָנטעפיאָרע איז געווען די צענטראַלע פיגור פון יודענטום אין XIX־טען יאָהרהונדערט.

## פינסקער, יהודה ליב בן שמחה

איז געבאָרען געוואָרען אין טאָמאַשעוו, וואָלינער גובערניע, דעם 24־טען דעצעמבער 1821. זיין פאָטער, שמחה פינסקער, איז געווען א בעוואוסטער געלעהרטער און פובליציסט. אין אָנהויב פון זיין געזעלשאַפטליכער טעטיגקייט, אין די 60־ער יאָהרען, האָט פינסקער געהערט צו די אָנפיהרער פון דער דעמאָלטיגער השכלה־בעוועגונג. אין אָנהויב די 70־ער יאָהרען, איבערהויפט נאָך דעם ערשטען אָדעסער פאָגראָם (1872), ווערט פינסקער'ס השכלה־טעטיגקייט אַביסעל שוואַכער, און אין א משך פון א רייהע יאָהרען זעהען מיר פינסקער'ן אַזוי צו זאָגען על פרשת דרכים. נייע אידעאַלען ווערען אַלץ מעהר און מעהר אָנגעוואַקסען אין איהם — און די דאָזיגע נייע אידעאַלען האָבען לויט זייער גאַנצען תוך געמוזט זיין יודיש־נאַציאָנאַלע. אין יאָהר 1882 איז ערשינענען אין בערלין זיין בראָשיור „אויטאָעמאַנציפּאַציאָן, מאַהנרוף אַן זיינע שטאַמעסגענאָסען פאָן איינעם רוסישען יודען". די דאָזיגע קלאַסישע בראָשור האָט געמאַכט א גאַנצע מהפכה אין די מחות. פון דעם מאָמענט אָן ווערט פיג־סקער'ס נאָמען ענג צוזאַמענגעבונדען מיט דער ציוניסטישער בעוועגונג, מיט דער דאָזיגער בעוועגונג, וואָס ווייס נור איין־איינציגע פּער־ענטפערונג פון דער יודען־פראַגע, — די טעריטאָריאַלע. ווי בעוואוסט איז פינסקער אין „אויטאָעמאַנציפּאַציאָן" א טעריטאָריאַליסט: פּאַלעסטינא איז פאַר איהם נור איינע פון די מעגליכע טעריטאָריעס, הגם, עס קאָן זיין, די מעהר געווינשטע. נור שוין אין יאָהר 1884, אין א בריעף צו ה. בערמאַן (ז. דעם זאַמעלבוך „פּאַלעסטינא", דער בריעף צו די אַרויסגע־בער) זאָגט זיך פינסקער בעשטימט אַרויס נעמליך פאַר פּאַלעסטינא. און פון דעם טאָג אָן ביז זיין טויט גיט זיך פינסקער איננאַנצען אָב דער פּאַלעסטינא־אידעע. ער פערלאָזט ניט די אַרבייט פאַר פּאַלעסטינא, ניט קוקענדיג אויף די שווערע קראַנקהייט, וואָס האָט איהם געמאַטערט די לעצטע יאָהרען פון זיין לעבען און ניט קוקענדיג אויף די זעהר גרויסע דאָקטאָר־פּראַקטיק, וואָס האָט ביי איהם צוגענומען דעם גרעסטען טייל



פינסקער, יהודה ליב בן שמחה

פון זײַן צײַט און כתות. פּינסקער איז געװען דער פּרעזידענט אויף דעם קאַטאָװיצער צוזאַמענפאָהר, און װען אין יאָהר 1890 איז געגרינדעט געװאָרען דער אָדעסער פּאַלעסטינער קאָמיטעט האָט איהם די געזעלשאַפט שוין אויף איהר ערשטער זיצונג איינשטימיג אויסגעקליבען פאַר א פאָר־זיצענדען, װאָס ער איז פערבליבען ביז'ן טויט. פּינסקער איז געשטאָרבען דעם 9־טען דעצעמבער 1891.

## ריולף ר׳ יצחק

איז געבאָרען געװאָרען אין יאָהר 1830 (כ״ז שבט תקצ״א), אין דעם קליינעם דאָרף האָלצהויזען נעבען מאַרבורג. ריולף האָט געלערנט אין פערשיעדענע ישיבות. אין יאָהר 1854 איז ער אָנגעקומען אין מאַרבורגער אוניװערזיטעט און האָט שטודירט פילאָזאָפיע. אין יאָהר 1857 האָט ער בעקומען סמיכות אויף רבנות. אין יאָהר 1865 איז ער איינגעלאַדען געװאָרען אין מעמעל אַלס פּרעדיגער. ריולף האָט פערעפענטליכט פילאָזאָפישע װערק. פון זיי איז דאָס װיכטיגסטע — „איינהייטס־געדאַנק" אין פיער טיילען. ריולף האָט גענומען א גרויסען אַנטהייל אין אָרגאַניזירען הילף פאַר די יודישע עמיגראַנטען פון רוסלאַנד און בכלל אין די יודישע געזעלשאַפטליכע ענינים. צום חובבי־ציוניזם איז ריולף צוגעשטאַנען גלייך פון אָנהויב. ריולף האָט זיך געפונען אין פער־בינדונג מיט די אָנפיהרער פון דער בעװעגונג און האָט געאַרבייט פאַר איהר. אין יאָהר 1883 האָט ער אַרויסגעגעבען זיין בראָשור „אַרוכת בת עמי", װעלכע רעכענט זיך ביז איצט פאַר איינעם פון די מקורים פון דער ציוניסטישער ליטעראַטור. ריולף איז געשטאָרבען דעם 6־טען סעפּטעמבער 1902.

## סמאָלענסקין, פּרץ בן משה

איז געבאָרען געװאָרען דעם 8־טען מערץ 1842 (ט״ו אדר תר״ב) אין שטעדטעל מאָנאַסטירישצע, מאָהילעװער גובערניע. עלף יאָהר אַלט האָט ער שוין געלערנט אין שקלאָװער ישיבה, נור דאָ האָט מען איהם אין גיכען אָנגעהויבען צו רעכענען פאַר אַן אפּיקורס, װייל ער האָט געלייענט השכלה־ביכלעך אויף העברעאיש אין האָט אַביסעל געקענט רוסיש. דאָס װייטערדיגע לעבען סמאָלענסקינ׳ס איז רייך מיט טלטולים און געשעהענישען. א געװיסע צייט איז ער אַרומגעפאָהרען איבער מאָהילעװער, יעקאַטערינאָ־



סמאָלענסקין, פרץ בן משה

סלאַװער, טאַחרידער אין כערסאָנער גובערניעס אַלס אַ רײזענדער מגיד. אין יאָהר 1862 קומט ער קײן אָדעס, װאו עס הױבט זיך אָן פאַר איהם אַ נײַ לעבען, אַ נײַע עפּאָכע. אין אָדעס איז סמאָלענסקין אָבגעװעזען פינף יאָהר — און צום סוף פון יאָהר 1867 האָט ער איננאַנצען פערלאָזען רוסלאַנד און האָט זיך בעזעצט אין װיען. דאָס נאַציאָנאַלע געפיהל װערט אַלץ שטאַרקער און שטאַרקער אין סמאָלענסקינ׳ען און, בעאָבאַכטענדיג דאָס לעבען פון די מערב־אײראָפּעאישע יודען, װערט סמאָלענסקין דער איבערגעבענסטער און הײסעסטער אָנפיהרער פון דער נאַציאָנאַלער ריכטונג אין יודענטום. אין יאָהר 1868, אין דער רעכטער ברען־צײט פון דער אַסימילאַציע, גרינדעט ער דעם מאָנאַטליכען זשורנאַל „השחר“, װעלכען ער רעדיגירט און גיט אַרױס ביז די לעצטע טעג פון זײן לעבען. און שוין אין פּראָגראַם־אַרטיקעל פון דעם דאָזיגען זשורנאַל איז סמאָלענסקין מודיע: „לאָמיר טײער האַלטען אונזער שפּראַך און אונזער נאַציאָנאַלען כבוד. — עס װעט קומען אַ סוף צו אונזער גלות און עס װעט אַמאָל זײן דער טאָג, װען אויך דאָס יודישע פאָלק װעט צוריק בעקומען זײן מלוכה“. אויף אַזאַ אופן איז סמאָלענסקין געװעזען אַ ציוניסט שוין אין יאָהר 1868, נור ביז די 80־ער יאָהרען איז בײ איהם ניט געװעזען קײן רעאַלע פּראָגראַם פון ציוניסטישער טעטיגקײט. די פּאָגראָמען און די געשעהענישען נאָך דעם האָבען געפאָדערט אַ קלאָרען און קאָנקרעטען ענטפער אויף די אונברחמנות׳דיגע פראַגע „לאָן“ — — „װאוהין?“ — און סמאָלענסקין װײזט אָן מיט אַ פעסט־געװאָרענער בײ איהם איבערצײגונג אויף פּאַלעסטינא. פון דעם מאָמענט אָן איז פון סמאָלענסקין דעם פּובליציסט׳ס פעדער ניט אַרױס קײן אײן שורה, װעלכע זאָל ניט קעמפען פאַר די ציוניסטישע אידעע. „השחר“ װערט דער צענטראַל־אָרגאַן פון דער ציוניסטישער פּראָפּאַגאַנדע. סמאָלענסקין נעהמט זיך אויך דירעקט פאַר די ציוניסטישע אַרבײט. ער אָרגאַניזירט אין װיען די ציוניסטישע אגודות „אהבת ציון“ און „קדימה“, געהט אַרײן אין פערבינדונג מיט דעם בעריהמטען אָליפאַנטען, שרײבט טעגליך מאַסען בריעף, װאָס האָבען אַ שייכות צו עמיגראַציע און אַגיטירט אָהן אַנ׳אויפהער.—סמאָלענסקינ׳ס ערשטער ראָמאַן „שמחת הנף“ איז דורכגעדרונגען מיט אַ נאַציאָנאַלען געפיהל, הגם נאָך ניט גאַנץ בעװאוסטזיניגען. אין די װײטערדיגע ראָמאַנען װערט סמאָלענסקינ׳ס נאַציאָנאַלע געפיהל אַלץ טיעפער און טיעפער. שוין כמעט פאַר׳ן טויט דרוקט ער זײן גרויסע ערצעהלונג „נקם ברית“, װאָס האָט אַ רײן־ציוניסטישע טענדענץ. עטליכע טעג פאַר׳ן טויט ענדיגט ער אויף זײן לעצטען גרויסען ראָמאַן „ירושה“, װאָס האָט אויך

א ציוניסטישען עפילאג. און אין יעדען ביכעל פון „השחר" דרוקט סמאלענסקין אהן אנ'אויפהער זיינע ארטיקלען וועגען דער ארגאניזירונג פון דער יודישער עמיגראציע און וועגען דער קאלאניזאציע פון פאלעסטינא, — און אזוי ביז דער לעצטער רגע פון זיין לעבען. זיינע נאציאנאלע אידעען האט סמאלענסקין פערטיידיגט מיט אנ'אונגעהויער קראפט, ליידענשאפט און מיט א טיעפען גלויבען, וואס גרעניצט אמאל מיט פאנאטיזם. דעם גאנצען לעבען האט סמאלענסקין, מאטעריעליש, אבגעלעבט אין גרויס דהקות. סמאלענסקין איז געשטארבען אין מעראן, דעם 19-טען יאנואר 1885 (ט"ז שבט תרמ"ה).

# שאפירא, הערמאן

איז געבארען געווארען דעם 10-טען אויגוסט 1840 אין שטעדטעל טאבריג, קאוונער גובערניע. אין די יונגע יאהרען האט ער געלערנט תלמוד און א געוויסע צייט איז ער אפילו געווען א רב אין אנ'אנפיהרער פון א ישיבה אין א קליין שטעדטעל אין קורלאנד. דער דורשט נאך וויסענשאפט און די ליידענשאפט צו מאטעמאטיק האבען איהם אונאויפהערליך געצויגען אין די צענטרען פון וויסענשאפט און בילדונג. נאך א לאנגען וואלגערען זיך און נאך די פערשידענסטע נסיונות האט ער אין יאהר 1881 אויסגעהאלטען אין היידעלבערג דעם דאקטאר-עקזאמען, אין יאהר 1883 איז ער שוין געווען פריוואט-דאצענט און אין יאהר 1887 — פראפעסאר פון מאטעמאטיק אין היידעלבערגער אוניווערזיטעט. נאך אין אנהויב פון די 80-ער יאהרען, ווען די אידעע פון קאלאניזירען פאלעסטינא איז נור וואס ענטשטאנען, איז שאפירא געווארען איהר הייסער אנהענגער. מיט א גאנצער רייהע ארטיקלען איז ער ארויסגעטראגען אין דער דעמאלטיגער יודישער פרעסע און האט פערטיידיגט די דאזיגע אידעע. דאן האט ער אויך בעשאפען דעם פלאן צו גרינדען אין ירושלים א יודישע אקאדעמיע, וועלכע וואלט געווען דער גייסטיגער צענטר פון יודענטום. די דאזיגע אידעע איז פון תמיד אן געווען די ליעבלינגס-אידעע פון שאפירא. ער האט וועגען דעם פלאן קיינמאל ניט אויפגעהערט צו טרוימען. פיעל שווערע ענטטוישונגען אין זיין פערזענליכען לעבען האבען אויף א צייט אבגעשוואכט זיין ענערגיע, און אין מיטען פון די 80-ער יאהרען געהט ער אינגאנצען אוועק פון געזעלשאפטליכער טעטיגקייט און ניט זיך אב

אויכשליסליך דער וויסענשאפט. אזוי האט ער אבגעלעגט צעהן יאהר. דאס ערשטע נען פון הערצל'ס „יודענשטאאט" האט ווידער געבראכט שאפיראַ'ן צו דער יודישער נאציאנאלער בעוועגונג. שוין אויף דעם ערשטען קאנגרעס אין באזעל טראגט שאפירא ארײַן דעם פארשלאג צו גרינדען אַ יודישען נאציאנאל־פאנד, וואס זאל האבען אַ ציעל אויסצוקויפען פאלעסטינער ערד. אויף דעמזעלבען קאנגרעס אגיטירט ער אויך פאר די גרינדונג פון אַ יודישען אוניווערזיטעט אין פאלעסטינא. נאך דעם קאנגרעס ווערט שאפירא איינער פון די הויפט־ארבייטער אין ציוניזם. ער פאהרט אום איבער די דײַטשע שטעדט און פראפאגאנדירט די ציוניסטישע אידעע. פינף טאג פאר זײַן טויט האט ער בעקומען אַ נ'איינלאדונג אין קעלן פון דעם צ. ק. פון די דײַטשע ציוניסטען, אום צו בעטראכטען איינינע פראגען. ניט קוקענדיג אויף דעם פערבאט פון דאקטאר איז שאפירא שוין אויס'ן אנדערן טאג אבגעפאהרען קײַן קעלן. דעם 7־טען מאי, נאך דער פערזאמלונג, אויף וועלכער ער האט גענומען אַ טעטיגען אנטייל, איז איהם געווארען ניט גוט און דעם 9־טען מאי 1898 איז שאפירא געשטארבען אין קעלן.

## צעדערבוים, אלכסנדר בן יוסף

איז געבארען געווארען אין יאהר 1816, אין זאמאשץ, ליובלינער גובערניע. אין די 40 יאהרען איז צעדערבוים אבגעפאהרען קײַן אדעס. דארט האט ער זיך שטארק פעראינטערעסירט מיט די השכלה־שטרעבונגען פון דער ארטיגער אינטעליגענץ און אונטער דער ווירקונג האט ער בעשלאסען צו ווארפען זײַן מלאכה (שנײַדערײַ) און גענומען זיך פאר אַ צײַטונגס־פערלאג. אין אנהויב פון די 60־ער יאהרען גרינדעט ער די העכענטליכע צײַטונג „המליץ", וועלכע האט פון מיטען די 80־ער יאהרען אנגעהויבען ארויסצוגעהן טעגליך, און דאס זשארנאן־בלעטעל „קול מבשר". אין אנהויב די 70־ער יאהרען פאהרט צעדערבוים אריבער קײַן פעטערבורג און דא ארבייט ער נאך מיט מעהר ענערגיע פאר זײַן צײַטונגס־פערלאג. אין 1871—3 האט ער ארויסגעגעבען אויף רוסיש די צײַטונג „וויעסטניק רוסקיך יעווריעוו". אין די 80־ער יאהרען האט ער געגרינדעט די צײַטונג „יודישעס פאלקסבלאט" אויף יודיש. די צײַטונג איז דערנאך אריבער אין אנדערע הענד. אין די 80־ער יאהרען קומט פאר אין צעדערבוים'ס אנשויאונגען אַ מהפכה. ער נעהט אוועק פון דעם משכיליזם, שטעהט צו צום חובבי־ציוניזם און ווערט אַ הייסער אנהענגער פון דער פא־

לעסטינא־קאָלאָניזאַציע. מיט אַ יוגענד־היץ אַגיטירט דער 70־יאָהריגער צעדערבוים פאַר די נייע, נאַציאָנאַל־יודישע אידעאַלען און מיט אַנ־אונאָיפהערליכער ענערגיע אַרבייט ער פאַר די פאַלעסטינא־אידעע. צע־דערבוים דאַרף גערעכענט ווערען פאַר דעם הויפט־גרינדער פון אָדעסער פאַלעסטינער קאָמטעט. אַ דאַנק, דער עיקר, צעדערבוים'ס בעמיהונגען איז דער דאָזיגער קאָמיטעט לעגאַליזירט געוואָרען. צעדערבוים איז גע־שטאָרבען דעם 26־טען אויגוסט 1893.

## עליאשבערג, ר׳ מרדכי

איז געבאָרען געוואָרען אין יאָהר 1817, אין שטעדטעל צייקישאַק, קאָוונער גובערניע. דרייצעהן יאָהר אַלט האָט ער תתונה געהאַט. צו 14 יאָהר האָט ער געלערענט אין וואָלאָזשינער ישיבה צוזאַמען מיט דעם בעוואוסטען ר׳ נפתלי צבי בערלין. פון וואָלאָזשין איז עליאַשבערג אַי־בערגעפאָהרען קיין ווילנא, פון דאָרט אין ריגא, וואו ער האָט געהאַנ־דעלט מיט תבואה. ווערען אַ רב איז געווען געגען זיין ווילען, ווייל זיין ריינע נשמה האָט ניט געקאָנט שלום מאַכען מיט דער דעמאַלטיגער לאַגע פון די רבנים. עליאַשבערג האָט איינגעזעהן, אַז די געזעלשאַפט בע־ציהט זיך צו איהרע רבנים מיט ניט גענוג עהרע און אַכטונג און אַז די רבנים זענען ניט געשטאַנען גענוג הויך, אַלס רעליגיעזע פיהרער פון פאָלק. דאָך, לויט די שטענדיגע בקשות פון זיין שוואָגער, האָט עליאַשבערג סוף כל סוף איינגעשטימט צו ווערען אַ רב אין שטעדטעל ושיזישמאָר, ווילנער גובערניע, וואו ער איז אָבגעזעסען זעקס יאָהר. דערנאָך איז ער געוואָרען אַ רב אין בויסק, קורלענדער גובערניע, וואו ער איז פאַר־בליבען ביז ענדע פון זיין לעבען. עליאַשבערג האָט פיעל געשריבען אין „המגיד" וועגען דער לאַגע פון די יודען אין רוסלאַנד און זעהן עס איז ערשינען דער „הלבנון" האָט ער מיטגעאַרבייט אויך אין איהם. אין „הלבנון" האָט עליאַשבערג צום ערשטען מאָל אָנגעהויבען צו שרייבען וועגען דער קאָלאָניזאַציע פון פאַלעסטינא. קאַלישער'ס „דרישת ציון" האָט ניט אַראָבגענומען פון זיין טיש פון דעם טאָג אָן, ווי עס איז ערשינען. די אידעע פון קאָלאָניזירען פאַלעסטינא, וואָס איז ענטשטאַנען, האָט אָבגעלעבט זיין גייסט און האָט איהם אומגעקערט, אַזוי צו זאָגען, צו זיין יוגענד. ווי נור עס איז ערוועקט געוואָרען די פראַגע וועגען קאָ־טאָוויץ איז עליאַשבערג פערזענליך אַוועקגעפאָהרען קיין ריגא, האָט דאָרט צונויפגערופען די אָרטיגע יודישע כלל־טהוער און האָט אין אַ געוויסען

מאָס צוגעגרייט די צונויפרופונג פון ציזאַמענפאָהר. דאָס טוואָלט געזונד האָט ניט געגעבען עליאַשבערג'ן די מעגליכקייט צו ענטוויקלען אַ גרעסערע טעטיגקייט פאַר די חובבי־ציון אידעען, ווי ער האָט דערצו געשטרעבט. עליאַשבערג האָט אויפגעשריבען אונגעפעהר 25 ביכער איבער פערשיעדענע פראַגען פון דער יודישער רעליגיע און וויסענשאַפט. די פאַלעסטינא־פראַגען איז געווידמעט זיין בוך „שביל הזהב“. עליאַשבערג איז געשטאָרבען אין יאָהר 1890.

# ערלאַנזשער, מכאל

איז געבאָרען געוואָרען אין יאָהר 1827. זיין פאָטער איז געוועזען אין זיין צייט אַ בעוואוסטער רב אין ווייסענבורג, עלזאַס. מכאל האָט בעקומען אַן'אַלזייטיגע ערציהונג, אַ יודישע צוזאַמען מיט אַן'איירָאָפּעאישער. 17 יאָהר אַלט איז ערלאַנזשער אָבגעפאָהרען קיין פאַריז און איז דאָרט אָנגעקומען אין אַ האַנדעלס־הויז. אין 1848, אין דער צייט פון רעוואָלוציע, האָט ער געוועסט געדעכענט וואַרפען דעם האַנדעל און אָבגעבען זיך דער וויסענשאַפט, נור זיין פריהערדיגער בעל־הבית האָט איהם איינגעלאַדען פאַר אַ פערוואַלטער פון זיינעם אַ גרויסען געשעפט אין אַלעקסאַנדריען, מצרים. דאָ הויבט זיך אָן ערלאַנזשער'ס קאָכעדיגע טעטיגקייט. אין גיכען, בעזיכענדיג פאַלעסטינא, טרעפט ער זיך מיט אַלבערט כהנ'ען, וועלכער איז דאַן געוועזען אַנ'אָפּעקון איבער אַלע וואָהלטעטיגע אַנשטאַלטען פון ראָטשילד'ען. פון דעם מאָמענט אָן גיט זיך ערלאַנזשער איבער דער חובבי־ציון אידעע. ער האָט ניט וועניג געווירקט אויף ראָטשילד'ען און האָט איהם צונעצויגען צו דער קאָלאָניזאַציאָנס־טעטיגקייט אין פאַלעסטינא. אַ ענגע גרופע פון גייסטרייכע און בעגייסטערטע חובבי־ציוניסטען האָט דאַן געמיינזאַם געאַרבייט פאַר די אַלגעמיינע זאַך און אָפטמאָל פלעגט זי זיך צונויפפאָהרען אום צוזאַמען צו בעטראַכטען דעם פלאַן פון דער אַרבייט. דאָס זענען געווען: מכאל ערלאַנזשער, אַלבערט כהן, קאַרל נעטער, מאָהילעווער און צדיק־כהן. אויף דעם קאַטאָוויצער צוזאַמענפאָהר איז ערלאַנזשער אויסגעקליבען געוואָרען פאַר אַ קאַסירער פון אַלע גרופּעס און פאַר אַ צענטראַלען פאָרשטעהער צו פיהרען די בעציהונגען צווישען די חובבי־ציוניסטען אין רוסלאַנד און אין אויסלאַנד. ערלאַנזשער איז געשטאָרבען אין יאָהר 1892.

---

## א) אלגעמיין־יודישע אנשטאלטען.

**I. „אַליאַנס". – חברת כל ישראל חברים — אַלוועלטליכער יודישער בונד—**Alliance Israélite Universelle. —געגרינדעט אין יאָהר 1860 אין פּאַריז. די „אַליאַנס" האָט דאָס ציעל א) צו אַרבּייטען אומעטום פאַר די גלייכבּערעכטיגונג און פאַר די מאָראַלע ענטוויקלונג פון די יודישע מאַסען, ב) העלפען די אַלע יודען, וועלכע ליידען אַלס אַזעלכע. די גרינדער פון „אַליאַנס" האָבּען זיך געשטעלט אַלס דעוויז דעם שפּרוך: „כל ישראל ערבים זה בזה". די „אַליאַנס" האָט אָנגעהויבּען איהר טעטיגקייט מיט אַן אויפרוף צו אַלע יודען פון אַלע לענדער און דער דאָזיגער אויפרוף האָט געהאַט אַ גרויסען ערפאָלג. אַדאַנק די בּעמיהונגען פון „אַליאַנס" איז אויף דעם בּערלינער קאָנגרעס אין בּערלינער טראַקטאַט אַריינגעשטעלט געוואָרען אַן אַרטיקעל, וואָס אָנערקענט די פּאָלשטענדיגע רעכטליכע גלייכבּערעכטיגונג פון די יודען, וועלכע לעבּען אין די מלוכות פון באַלקאַנער האַלבּאינזעל. פיעל מאָל האָט די „אַליאַנס" פערלייכטערט די לאַגע פון די יודען אין מאַראָקאָ, אַלזשיר און פּערסיען. די „אַליאַנס" האָט אָפּט געפיהרט אַ קאַמפּף מיט די עלילות־דם אויף יודען און אַ בּעזונדערס חיוב־טיגען ווערט האָבּען דאָ די בּעמיהונגען פון „אַליאַנס" בּעת די פּראָצעסען אין טיסאַ־עסלאַר 1882, קאָנסטאַנטינאָפּאָל 1887, דמשק, בּיירוט 1890, קאָרפו 1891, פּולנאַה 1899 א. א. די „אַליאַנס" האָט פערטיידיגט די יודישע שחיטה פון בּהמות און האָט וועגען דעם אַרויסגעגעבּען וויסענשאַפטליכע ווערק א. אַז. וו. די „אַליאַנס" האָט אויך פיעל אויפגעטהון אין אויספאָרשען און קלייבּען ידיעות וועגען דעם לעבּען פון די יודען אין ווייניג־בּעוואוסטע לענדער (די עקספּעדיציע צו די פאַלאַשען אין אַבּיסיניען, די פּאָרשונג פון דעם יודישען לעבּען אין תימן, פון די בּערג־יודען אין קאַווקאַז א. א.)

אין דער איצטיגער צייט פערנעהמט זיך די „אַליאַנס", דער עיקר, מיט שול־ענינים און ערציהונג. די גרעסטע צאָהל פון די „אַליאַנס"־שולען זענען אָנפאַנגס־שולען. די צאָהל שולען, וואָס ווערען אָנגעפיהרט

און סובסידירט דורך די „אַליאַנס“ (אין מאַראָקאָ, בולגאַריען, אייראָפּע־אישער און אַזיאַטישער טערקיי, פּאַלעסטינא, טריפּאָליס, מצרים, טוניס, פּערסיען און אַלזשיר), דערגרייכט 160, די צאָהל תּלמידים און תּלמידות — 41,000. חוץ דעם האַלט די „אַליאַנס“ אויס: אַ שול אין פּאַריז צו־צוגרייטען לעהרער (Ecole Normale Israélite) אַ ראַבינער־סעמינאַריע אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל און צוויי ערדאַרבייטער־שולען (איינע אין פּאַלעסטינא, „מקוה ישראל“, נעבען יפו און איינע אין דזשעדאַידע, טוניס). די „אַליאַנס“ סובסידירט אויך 42 פּראָפּעסיאָנעלע שולען. די צאָהל לעהרער און לעהרערינס אין די שולען פון „אַליאַנס“ דערגרייכט 1275. די גרונד־שפּראַך אין די שולען פון „אַליאַנס“ — איז פראַנצויזיש. דער העברע־אישער שפּראַך ווערט אָבגעגעבען ווייניג אויפמערקזאַמקייט און די יודי־שע למודים ווערען ניט גענוג גוט אַוועקגעשטעלט. דאָס איז דער הויפּט־חסרון פון די „אַליאַנס“־שולען, וואָס בעפרידיגען ניט אין דער הינזיכט די פאָדערונגען פון אַ יודיש־נאַציאָנאַלע ערציהונג. — פּרעזידענטען פון „אַליאַנס“ זענען געווען: אין די יאָהרען 1863 — 1860 — ל. ר. קעניגס־וואַרטער, 1867—1863 און 1880 — 1868 — אַדאָלף קרעמיע, 1867— שלמה מונק, 1898 — 1881 — גאָלדשמידט, פון 1898 ביז איצט — נאַרציס לעווען. — דער אַלגעמיינער יעהרליכער בּיודזשעט (אַריינגערעכנע־דיג אויך די אָבטיילונגען אין דייטשלאַנד, עסטרייך־אונגאַרן און האָלאַנד) דערגרייכט $2^1/_4$ מיליאָן פראַנק. דער ביודזשעט ווערט צונויפגעשטעלט פון די מיטגליעדער־אָבצאָהלונגען (די צאָהל מיטגליעדער דערגרייכט ביז 40.000). נדבות, באַראָן הירש׳ס קאַפּיטאַל, שכר־לימוד אין די שולען א. אז. וו. זינט דער פראַנצויזישער מלחמה האָט דער אַלוועלטליכער בונד די טענדענץ פונאַנדערצופאַלען אויף בעזונדערע בונדען לויט די לענדער. זינט דעם יאָהר 1871 עקזיסטירט אין לאָנדאָן די „Anglo-Jewish Association“, זינט 1873 יאָהר די „Israelitische Allianz zu Wien“ אין דייטשלאַנד עקזיסטירט די „Deutsche Conferenz gemeinschaft de A. I. U.“ דער אַדרעס פון דער „אַליאַנס“ איז Alliance Israélite Universelle, Paris, 45 Rue de la Bruyére.

## 2. די יודישע קאָלאָניזאַציאָנס־געזעלשאַפט (יק״א) — Jewish Colonisation Association (ICA)

—געגרינדעט אין לאָנדאָן אין יאָהר 1891 דורך דעם באַראָן הירש. דאָס הויפּט־ציעל פון דער געזעלשאַפט איז „אַריבערוואַנדערן און מיטהעלפען דער איבערוואַנדערונג פון די יודען פון די לענדער, וואו זיי ווערען פערפאָלגט און געדריקט,

און קאָלאָניזירען זיי אין אַמעריקא, אַרגענטינא און אין אַנדערע לענדער, וואָס זענען פּאַסענד פאַר דעם דאָזיגען צוועק״. דער באַראָן הירש האָט מנדב געווען אויף דעם אַ פאָנד פון 239 מיליאָן פראַנק. און כדי צו באַוואָרענען די זיכערקייט פון פאָנד נאָך זיין טויט האָט דער באַראָן הירש איהם פערוואַנדעלט אין אַן אַקציאָנערע געזעלשאַפט מיט אַ גרונד־קאַפּיטאַל פון 2 מיליאָן פונט סטערלינג (19 מיליאָן רובל), צעטיילט אויף 20,000 אַקציעס (צו 100 פונט יעדער׳ע). די דאָזיגע אַקציעס זענען פונאַנדערגעטיילט אויפ׳ן פאָלגענדען אופן: 3600 זענען איבערגעגעבען געוואָרען דער בערלינער יודישער געמיינדע, 3600 — דער ברוסעלער, 4595 — דער „אַליאַנס״ און 4595 — דער Anglo-Iewish Association דער דאָזיגער געזעלשאַפט האָט עס באַראָן הירש איבערגעגעבען דעם פאָנד, וועלכען ער האָט אַסיגנירט אויף יודישע קאָלאָניזאַציע, און נאָך דעם טויט פון באַראָן הירש האָט די געזעלשאַפט בעקומען נאָך אַנדערע בעדייטענדע סומען און פערשידענע גיטער. ביים לעבען פון באַראָן הירש לויט זיין איניציאַטיווע און אונטער זיין אָנפיהרונג האָט יק״א ערוואָרבען בעדייטענדע נחלאות אין אַרגענטינא. האָט דאָרט בעזעצט עטליכע טויזענד יודישע עמיגראַנטען און האָט בעשאַפען אַ רייהע קאָלאָניעס, אויף וועלכע עס זענען אויסגעגעבען געוואָרען זעהר גרויסע סומען געלד. נאָך דעם טויט פון באַראָן הירש (21 אַפּריל 1896) האָט די טעטיגקייט פון יק״א אָנגענומען איננאַנצען אַן אַנדער כאַראַקטער און האָט זיך אָנגעהויבען אַלץ מעהר און מעהר קאָנצענטרירען אויף געבען הילף דער יודישער בעפעלקערונג אויף די ערטער גופא, דער עיקר אין רוסלאַנד, גאַליציען און רומעניען. יק״א האָט דאָרט אָנגעהויבען צו עפענען און אונטערהאַלטען לייה־און שפּאַר־קאַסעס, קאָאָפּעראַטיווע געזעלשאַפטען, ערדאַרבייטער־ און האַנדווערקער־שולען, פאַבריקען, בילינע וואוינונגען א. אז. וו. יק״א האָט זיך אַזוי גוט ווי אָבגעזאָגט פון די גרויסע קאָלאָניזאַציאָנס־פּלענער, וועלכע האָבען פערנומען דעם ערשטען אָרט אין דעם פּראָגראַם פון דער יק״א־טעטיגקייט ביים באַראָן הירש, און זי בענוגענט זיך איצט אין די פראַגען פון יודישער עמיגראַציע און קאָלאָניזאַציע מיט דער גרינדונג פון אַ רייהע אינפאָרמאַציאָנס־ביוראָ׳ען פאַר עמיגראַנטען און מיט דער אונטערהאַלטונג פון איינצעלנע קאָלאָניעס און קאָלאָניסטען אין די פעראייניגטע שטאַאַטען, קאַנאַדא, קליין־אַזיען, פּאַלעסטינא, אַרגענטינא, בראַזיליען און אינזעל קיפּר. אין יאָהר 1900 האָט יק״א איבערגענומען די פערוואַלטונג מיט די אַלע ראָטשילד־קאָלאָניעס אין פּאַלעסטינא. אין יאָהר 1903 האָט יק״א געגרינדעט די ערשטע יודישע קאָלאָניע אין בראַזיליען. — אין די

7 ארגענטינישע יק"א קאלאניעס געפינט זיך א יודישע בעפעלקערונג פון 3,490 פאמיליעס — 19,361 נפשות, פון זיי קאלאניסטען 13,407, (31 דעצ. 1909) אין די 8 יק"א=קאלאניעס אין קאנאדא — 1271 נפשות, אין דער בראזילישער יק"א=קאלאניע — 363 נפשות. — אין יאהר 1909 האבען אויסגענוצט די הילף פון יק"א: אין רוסלאנד — 270 לייה=און שפאר=קאסעס (פון זיי 18 לאנדווירטשאפטליכע), וואס האבען צום סוף פון יאהר געהאט 147.654 מיטגליעדער. די דאזיגע 270 קאסעס האבען ארויסגעגעבען הלוואות אויף א סומע פון 18.690.000 רובל. צום סוף פון יאהר האבען די קאסעס געהאט דעפאזיטען אויף א סומע פון 5.098.000 רובל און מיטגליעדער=פאיען אויף א סומע פון 1.850.000 רובל; אין גאליציען — 20 קאסעס (יאהר 1909) מיט 16.520 מיטגליעדער, ארויסגעגעבען 12.798 הלוואות אויף א סומע פון 2.613.060 קראן; אין ירושלים — 1 לייה=קאסע מיט א קאפיטאל, צום סוף יאהר 1909, פון 125.335 פראנק. די קאסע האט ארויסגעגעבען 161 הלוואות אויף א סומע פון 69.979 פראנק. — דער אדרעס פון דער הויפט=פערוואלטונג פון יק"א איז:

Iewish Colonisation Association, Paris, 2 Rue Pasquier.

**3.** הילפס=פעראיין פון די דייטשע יודען — Hilfsverein der deutschen Iuden — געגרינדעט אין מאי 1901 אין בערלין „צו פערלייכטערן די פלוצלינגע אונגליקען און צו פערענטפערן די שטענדיגע חיכטיגע פראבלעמען פון לעבען פון די יודען אויפ'ן מזרח און אין מזרח=אייראפא". — דער „פעראיין" בעמיהט זיך אנצופאסען זיין ארבייט צו דער טעטיגקייט פון די אנדערע יודישע ארגאניזאציעס. אין דעם פערהעלטנימעסיג קורצען משך צייט פון זיין עקזיסטענץ האט שוין דער „פעראיין" בעוויזען צו ערווערבען די סימפאטיע פון די ברייטע יודישע קרייזען און איז געווארען איינע פון די אנגעזעהענסטע יודישע ארגאניזאציעס. דער ביודזשעט פון „פעראיין" וואקסט פון יאהר צו יאהר. אין יאהר 1902 האט דער „פעראיין" אויסגעגעבען 31.000 מארק, אין יאהר 1909 — 493.000 מארק און אין יאהר 1910 שוין העכער פון ½ מיליאן מארק. די צאהל מיטגליעדער פון פעראיין וואקסט אויך פון יאהר צו יאהר און איצט צעהלט אן דער „פעראיין" העכער 23.000 מיטגליעדער. א בעזונדערע ענערגיע האט דער פעראיין ארויסגעוויזען נאך די אקטאבער=פאגראמען אין יאהר 1905, ווען ער האט איבער גאנץ דייטשלאנד ארגאניזירט קאמיטעטען און האט געזאמעלט הילף פאר די יודען, וואס האבען געליטען פון פאגראמען. די לעצטע

יאָהרען האָט זיך דער „הילפספעראיין“ אָנגעהויבען צו פערנעהמען מיט דע
יודישער עמיגראציע. צו דעם צוועק האָט ער געגרינדעט אַ ספּעציעלען ביורא
Centralbureau für jüd. Auswanderungs-Angelegenhei-
ten“. Berlin, Steglitzerstrasse 12, וואָס גיט אַרויס פערשידענע
ידיעות וועגען עמיגראציע און העלפט די עמיגראנטען אין וועג. — אין גאליציע
סובסידירט דער „הילפספעראיין“ קינדער־גאָרטענס, אַ הויז פאַר יתומים, א
קאַסע פון געגענזייטיגער קרעדיט און פיהרט דאָרט איין די הויז־אינדוסטריע
אין רומעניען און בולגאַריען סובסידירט דער „הילפס־פעראיין“ לעהר־אַנ־
שטאַלטען און האַנדווערקער־שולען. נור אַ בעזונדערס בעדייטענדע טע־
טיגקייט האָט דער „הילפספעראיין“ ענטוויקעלט די לעצטע צייט אין טערקי
בכלל און אין פאַלעסטינא בפרט. אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל האָט דער הילפס־
פעראיין“ אין לעצטען יאָהר (בעריכט פאַר 1909) אונטערגעהאַלטען צווי
גרויסע שולען, איין גימנאַסטישען פעראיין און איין לייה־און שפּאָר־
קאַסע. ביי איינער פון די שולען זענען אָרגאַניזירט אָווענד־קורסען פאַר
די העברעאישע, טערקישע און דייטשע שפּראַכען. בראש פון דעם
אָרגאַניזאַציאָנס־קאָמיטעט פון די קורסען, צוזאַמען מיט דער שול־לייטונג,
געפינט זיך דער געוועזענער טערקישער מיניסטער פון אינערן טאַלאַאַט־
ביי. אויפ׳ן בעסטען אופן איז אַוועקגעשטעלט אין די קורסען דער אונטעררי
פון דער טערקישער שפּראַך, וואָס רופט אַרויס די לעבהאַפטעסטע אויפ־
מערקזאַמקייט פון דער טערקישער געזעלשאַפט אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל,
ווי אויך פון דער טערקישער פּרעסע. אין סאַלאָניק סובסידירט דער „הילפס־
פעראיין“ איין קינדערגאָרטען און איין שול און האָט אין זינען דאָרט
צו עפענען שוין אין דער נאָהענסטער צייט אַ רייהע ווייטערדיגע אַנשטאַלטען.

די שול־טעטיגקייט פון „הילפס־פעראיין“ איז איצט קאָנצענטרירט,
דער עיקר, אין פאַלעסטינא און סיריען. ער האַלט דאָרט אונטער און
סובסידירט 25 קינדער־גאָרטענס און אַנדערע אינסטיטוציעס אין 9 ערטער:
ירושלים (13 אינסטיטוציעס), יפו (4), רחובות (2), חברון, צפת, חיפה,
ביירוט, טבריה און גדרה. די אַלע שול־אינסטיטוציעס און קורסען האָ־
בען מעהר, ווי 2000 תלמידים און תלמידות, לעהרער און לעהרערינס —
134. דער בודזשעט פון „הילפספעראיין“ פאַר די שול־אַרבייט
אין פאַלעסטינא טרעפט אָן מעהר ווי 100.000 מאַרק, אין יאָהר 1910 —
1911 וועט ער נאָך פערגרעסערט ווערען. פאַר די בעדייטענדסטע אַרבייט
פון „הילפספעראיין“ דאַרף גערעכענט ווערען די גרינדונג פון יודישען
טעכניקום אין חיפה. די ערשטע סומע געלד — 100.000 רובל —
האָבען געגעבען די יורשים פון וויסאָצקי׳ן דעם 29־טען מערץ 1908.

פונקט מיט איין יאָהר שפּעטער האָט אויף דעמזעלבען צוועק מנדבֿ געוועזען 100.000 דאָלאַר יעקבֿ שיף — און פון דאַן אָן איז געלעגט געוואָרען דער פעסטער באָדען פאַר דעם „הילפספעראיין" דורכצופיהרען דעם פּלאַן פון גרינדען דעם יודישען טעכניקום. עס איז דערצו געגרינדעט געוואָרען אַ ספּעציעלע געזעלשאַפט, וואָס פיהרט אָן מיט דער זאַך. די געזעלשאַפט האָט 25 קוראַטאָרען, צווישען וועלכע עס געפינען זיך די פאָרזיצענדער פון „הילפספעראיין" סימאָן און ד"ר נתן, ווי אויך אחד-העם, ד"ר שמריהו לעווין, ד"ר טשלענאָוו, פּראָפ. שעכטער. פאַר דעם טעכניקום איז געקויפט געוואָרען אויפ'ן חשבון פון נאַציאָנאַלפאָנד, אַ פּלאַץ ערד פון 45.000 קוואַדראַט-מעטער, וואָס געפינט זיך אין חיפה ביים פוס פון כרמל און וואָס קאָסט אונגעפעהר 100.000 פראַנק. דער טעכניקום האָט זעהר אַ גרויסען ווערט און קולטורעלע בעדייטונג פאַר די יודען אין פּאַלעסטינא בפרט און פאַר דאָס לאַנד בכלל.

אין זיין שול-טעטיגקייט צייכענט זיך דער „הילפספעראיין" אויס מיט דער אויפמערקזאַמקייט, וואָס ער גיט אָב די יודישע לימודים. אין אַלע זיינע קינדער-גאָרטענס און אָנפאַנגס-שולען אין פּאַלעסטינא איז די למוד-שפּראַך ווי אויך די אומגאַנגס-שפּראַך — העברעאיש. אין די מיטעלע שולען זיינע ווערען געלערנט העברעאיש, אַראַביש און אַ וועלכע עס איז אייראָפּעאישע שפּראַך (דער עיקר — דייטש). די פיהרער פון „הילפס-איין" זענען געקומען צום בעשלוס, אַז פון דער פּראַקטישער זייט איז די העברעאישע שפּראַך אַבסאָלוט נויטווענדיג פאַר דאָס פּאַלעסטינער יודענטום, וואָס קומט צונויף פון אַלע לענדער פון דער וועלט.

## 4. די ענגליש-יודישע געזעלשאַפט — Anglo Jewish Association

איז געגרינדעט געוואָרען אין יאָהר 1871 (ווען עס איז שוואַכער געוואָרען די טעטיגקייט פון „אַליאַנס" צוליעב דער פּריסיש-פראַנצויזישער מלחמה) מיט דעם ציעל צו פערבעסערען די סאָציאַלע לאַגע פון די יודען. אין יאָהר 1900 האָט די געזעלשאַפט געהאַט 26 אָבטיילונגען אין ענגלאַנד און איהרע קאָלאָניעס. אין יאָהר 1896 האָט דער באַראָן הירש (דער דעמאָלטיגער וויצע-פּרעזידענט פון דער געזעלשאַפט) אָבגעגעבען דער געזעלשאַפט 4595 אַקציעס פון יק"א און דאָס אָנטייל-רעכט אין הויפּט-ראַט פון יק"א. אין דעם משך פון איהר 38-יאָהריגער עקזיסטענץ איז די געזעלשאַפט פיעל מאָל געקומען צו הילף די יודען אין פערשיעדענע שלעכטע צייטען. אין די פאַלען האָט זיך די געזעלשאַפט אָפט בענוצט מיט דער מיטווירקונג פון דעם ענגלישען אויסערן-מיניסטעריום. ניר דאָס בעדייטענסטע, וואָס די געזעלשאַפט טהוט,

אין איהר קולטורעלע בילדונגס־טעטיגקייט צווישען די יודען אויפ'ן מזרח. חוץ די שולען, וואס געפינען זיך אין איהר איינענעם רשות, אין באמביי (אינדיען), ירושלים „Evelina Rothschild School" אין מאגאדאר (מאראקא) נעהמט נאך די געזעלשאפט א גרויסען אנטהייל אין אויסהאלטען די שולען אויפ'ן מזרח צוזאמען מיט דער „אליאנס". פאר די צייט, וואס די געזעלשאפט עקזיסטירט, האבען אין איהרע שולען בעקומען ער־ציהונג מעהר ווי 50,000 קינדער. די שולען פון דער געזעלשאפט רע־כענען זיך פאר מוסטער־שולען און האבען זעהר א גוטע רעפוטאציע ביי דער ארטיגער בעפעלקערונג. נור זייער הויפט־חסרון איז, וואס זיי לעגען וועניג אויפמערקזאמקייט אויף די פראקטישע קענטנישען און וואס זיי שטרעבען ארייגצוטראגען אין די שולען דעם ע נ ג ל י ש ע ן גייסט, ווי די שולען פון „אליאנס" דעם פ ר א נ צ ו י ז י ש ע ן.

**5.** „בני־ברית"—אלוועלטליכער אונפארטייאישער יודישער אר־דען, געגרינדעט אין ניו־יארק אין יאהר 1843 דורך הענרי זשאנסאן. די אויפגאבען פון ארדען זיינען: 1) פעראיידלען די „ברידער" און ערציהען פון זיי זיטליכע מענשען, איבערגעגעבענע בירגער און איבערצייגטע, שטאלצע יודען; 2) געבען הילף די „ברידער", וואס נויטיגען זיך, און זייערע פאמיליעס; ד) געבען הילף די נויטבעדערפטיגע בכלל און בפרט די קרבנות פון פערפאלגונגען, אלמנות און יתומים; 4)גרינדען וואלטעטיגע און ערציהונגס־אנשטאלטען. דער יסוד פון ארדען איז — די „לאזשע", וואס ווערט בעשטעטיגט דורך די הויפט־לאזשע (גראסלאזשע) פון דעם געגעבענעם לאנד אדער געגענד. יעדע „לאזשע" איז דורכאויס זעלבסטשטענדיג אין איהר ארטיגער טעטיגקייט, נור זי שטעלט פאר מיט זיך א טייל פון גאנצען ארדען. בראש פון גאנצען ארדען גע־פינט זיך די אזוי אנגערופענע „קאנסטיטוציאנעלע הויפט־לאזשע" אין ניו־יארק, וואס האט איהרע צוזאמענפאהרען איין מאל אין פינף יאהר, אויף וועלכע די „הויפט־לאזשען" שיקען זייערע דעלעגאטען. אין יאהר 1882 איז געגרינדעט געווארען די ערשטע לאזשע אין דייטשלאנד; אין יאהר 1888 – אין פאלעסטינא און מצרים, אין 1889 — אין עסטרייך און רומעניען. די אלגעמיינע צאהל „לאזשען" דערגרייכט איצט 425 און די אלגעמיינע צאהל „ברידער" פון ארדען — 30.000. אום אנצוקומען אין ארדען איז איינגעשטעלט א ספעציעלער צערעמאניאל און יעדען „ברודער" ווערט ארויסגעגעבען א צייכען, אז ער געהערט צום ארדען. צום ארדען קאנען געהערען יודען פון פערשידענע רעליגיעזע און פאליטישע אנשויאונגען. איינצושליסען דעם ציוניסטישען מאמענט

אין זײַן פּראָגראַם האָט זיך דער הויפּט־קאָמיטעט אָבגעזאָגט. נור בכלל איז די בעציהונג פון די לאָזשעס צו די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציעס אַ גוט־געשטימטע — און דער אָרדען האָט פיעל אָנגעזעהענע ציוניסטען צווישען זיינע „ברידער" און אָנפיהרער פון די לאָזשעס.

## 6. יודישע טעריטאָריאַליסטישע געזעלשאַפט — יט"א

I. T. O. (Iewish Territorial Organisation) איז געגרינדעט געוואָרען אין יאָהר 1905, אין די לעצטע טעג פון VII־טען ציוניסטישען קאָנגרעס אין באַזעל. דאַן איז אויך אָנגענומען געוואָרען פאָלגענדע פּראָגראַם: 1) יט"א האָט דאָס ציעל צו ערווערבען אַ טעריטאָריע אויף אויטאָנאָמע יסודות פאַר די יודען, וואָס קאָנען ניט אָדער ווילען ניט פערבלייבען אין די לענדער, וואו זיי וואוינען איצט; 2) אום צו דערגרייכען דאָס דאָזיגע ציעל שטעלט זיך יט"א פאָלגענדע אויפגאַבען: א) פעראייניגען די אַלע יודען, וואָס זענען איינשטימיג מיט דעם ציעל פון דער געזעלשאַפט, ב) פיהרען בעציהונגען מיט רעגירונגען און אויך מיט געזעלשאַפטליכע און פּריוואַטע איינריכטונגען און ג) גרינדען פינאַנץ־אינסטיטוטען, אַרבייטס־ביוראָ'ען און אַנדערע אַנשטאַלטען, וואָס זענען נויטיג אום צו דערגרייכען דאָס ציעל פון דער געזעלשאַפט. דער אויסדרוק „אויטאָנאָמע יסודות" בעטייט, אַז די טעריטאָריע דאַרף זיין דאָס לאַנד, אויף וועלכען די יודען וועלען בילדען די מעהרהייט פון דער בעפעלקערונג און וואו זיי וועלען דערגרייכען אויטאָנאָמע זעלבסט־פערוואַלטונג. די פערוואַלטונג פון יט"א געפינט זיך אין די הענד פון „אינטערנאַציאָנאַלען ראַט", וואָס זיין פּרעזידענט איז ישראל זאַנגוויל. — די לעצטע יאָהר האָט זיך יט"א פערנומען מיט ריכטען די יודישע עמיגראַציע קיין גאַלוועסטאָן, וואו זי פלעגט רעגולער שיקען פּאַרטיעס עמיגראַנטען. די לעצטע צייט איז די גאַלוועסטאָן־עמיגראַציע געוועסט אָבגעשוואַכט געוואָרען, אָבער איצט האָט זי זיך ווידער אָנגעהויבען. אין מאַי 1911 איז פון ברעמען אָבגעשיקט געוואָרען די 52־טע (זינט די געזעלשאַפט עקזיסטירט) פּאַרטיע יודישע עמיגראַנטען פון רוסלאַנד אין אַ צאָהל פון 216 פערזאָן. — אין דער יודישער געזעלשאַפטליכער אַרבייט אויף אַנ'אָרט נעהמט יט"א קיין אָנטייל ניט.

## 7. אַלגעמיינע יודישע קאָלאָניזאַציאָנס־אָרגאַניזאַציע—

אַיק"א — A. J. K. O. איז געגרינדעט געוואָרען אין יאָהר 1909 אין בערלין. די אָרגאַניזאַציע פעראייניגט מענשען פון פערשיעדענע פּאָליטישע אָנשויאונגען און פּאַרטיי־איבערצייגונגען און האָט, דער עיקר, הומאַניטאַר־וואָהלטעטיגע ציעלען. די געזעלשאַפט האַלט, אַז דער גרעסטער

אונגליק פון יודישען פאלק איז, וואס עס האט ניט קיין טעריטאריע און וואס די יודישע עמיגראציע אהן א סדר און אהן א סיסטעם יואקסט און וואקסט — און געמליך לויט דעם שטרעבט, דעריבער, די געזעלשאפט צו רעגולירען די יודישע עמיגראציע, ריכטענדיג איהר אויפ'ן מזרה, אין די געביטען פון טערקיי, וועלכע זי רעכענט פאר פאסענד צו דעם ציעל, נעמליך: קיין מאקעדאניען, אנאטאליען, סיריען און פאלעסטינא. איק"א שטרעבט, אבער, איבריגענס ניט צו ערווערבען וועלכע עס איז הנהות פאליטישע אדער נאציאנאלע פאר די יודען פון טערקיי און שטרעבט אויך ניט צו דערגרייכען קיין אויטאנאמיע פאר דעם יודישען פאלק. דער צ. ק. פון דער געזעלשאפט געפינט זיך אין בערלין. אין יאהר 1910 האט איק"א געעפענט א נ'אבטיילונג אין ענגלאנד. איק"א האט נאך דערוויל ניט ארויסגעוויזען קיין שום ערנסטע טעטיגקייט.

**8. געזעלשאפט פאר יודישע סטאטיסטיק — Verein für Statistik der Juden** — געגרינדעט אין יאהר 1902 דורך אלפרעד נאסיג און א. קאסטעליאנסקי. איהרע אויפגאבען זענען: א) זאמלען און אויספארשען דעם סטאטיסטישען מאטעריאל, וואס געהערט אן דאס לעבען פון אלע גרופען פון יודישען פאלק, ב) איינארדנען (און מיטווירקען דער איינארדנונג) צעהלונגען און אנקעטע־פארשונגען פון יודישען מצב, ג) ארויסגעבען סטאטיסטישע אויספארשונגען, ד) איינארדנען ביורא'ען פאר יודישע סטאטיסטיק, ה) צושטעלען סטאטיסטישען מאטעריאל די געזעלשאפטליכע אנשטאלטען און פריוואטע פערזאנען.

די געזעלשאפט האט ביז 100 מיטגליעדער; איהרע מיטלען בעקומט זי, דער עיקר, אלס סובסידיעס פון די יודישע ארגאניזאציעס און גרעסערע יודישע קהלות.

די הויפט־ארבייט פון דער געזעלשאפט בעשטעהט אין ארויסגעבען דעם מאנאטליכען זשורנאל „Zeitschrift für Demographie und Statistik der Juden“ וועלכער ערשיינט רעגולער שוין דעם 7־טען יאהר (1905–1911) און וועלכער דרוקט הוץ אריגינעלע וויסענשאפטליכע ארטיקלען אויך די ידיעות וועגען אלע סטאטיסטישע מאטעריאלען, וואס ערשיינען וועגען יודען. חוץ דעם האט די געזעלאשפט, פאר די צייט פון איהר עקזיסטענץ, ארויסגעגעבען אלט וויסענשאפטליכע מאנאגראפיעס („די יודען אין עסטרייך“, „די יודען אין רומעניען“, „די סאציאלע בעדינגונגען פון די יודען אין רוסלאנד“ א. א.). אין דער ארבייט געפינט זיך דאס ערשטע קלאסישע ווערק וועגען די יסודות פון דער אלגעמיינער יודישער סטאטיסטיק.

דער ניט לאַנג פערשטאָרבענער פּראָפ. מאירהאָפער האָט איבער־געלאָזען דער געזעלשאַפט 20 טויזענד מאַרק אום סטאַטיסטיש אויס־צופאָרשען דעם גורל פון די יודען, וואָס האָבען זיך געשמד'ט.

דער אַדרעס פון דער געזעלשאַפט איז:

Berlin C. 2. An der Spandauerbrücke 15.

**9. פעראיין „מקיצי נרדמים“** האָט דאָס ציעל צו פערעפענט־ליכען וויכטיגע כתבֿ־ידיעז פון דער אַלטער העברעאישער ליטעראַטור און וויסענשאַפט. דער פעראיין איז געגרינדעט אין יאָהר 1885, ערנייט — אין יאָהר 1909. די וויכטיגסטע ערשיינונגען פון לעצטען יאָהר זענען צווישען אַנדערע, כל שירי יהודה הלוי, ספר מוסר לרבי יוסף בן יהודה, סדור רש״י א. אַז. וו. — דער פאָרזיצענדער פון פעראיין איז פּראָפ. ד״ר א. בערלינער. דער ביודזשעט פון פעראיין איז 7331 מאַרק. 90 פּפ. דער מיטגליעדס־אָבצאָהל איז פינף רובל אַ יאָהר. — אַדרעס:

Leo Mainz. Frankfurt a/M. Uhlandstr. 46

**10. די אָרגאַניזאַציע פאַר די העברעאישע שפּראַך און העברעאישע קולטור** געפינט זיך נאָך אין פעריאָד פון גרינ־דונג. דעם 6—8 דעצעמבער 1909, פאַר דעם האַמבורגער קאָנגרעס, איז אין בערלין פאָרגעקומען אַ קולטורעלע קאָנפערענץ, וואָס האָט בע־שלאָסען צוזאַמענרופען אַ ספּעציעלען קאָנגרעס, וועלכער זאָל ענדגילטיג גרינדען די דאָזיגע אָרגאַניזאַציע. דער קאָנגרעס איז נאָך ביז איצט ניט צוזאַמענגערופען געוואָרען און דערווייל ווערט נאָך אַלץ געטהון די פאָר־בערייטונגס־אַרבייט. דער פאָרבערייטונגס־קאָמיטעט האָט ענטוויקעלט אַ ברייטע טעטיגקייט אין בערלין און טיילווייז אין קיעוו און וואַרשוי. אין די אַלע דריי שטעדט איז פאָרגעקומען אַ גאַנצע רייהע אַגיטאַציאָנס־פערזאַמלונגען און זענען געעפענט אָבטיילונגען פון דער אָרגאַניזאַציע. אין פערשיעדענע שטאָדט־טיילען פון בערלין זענען איינגעאָרדענט קורסען פון דער העברעאישער שפּראַך. — צו דער אָרגאַניזאַציע קען צו־שטעהן יעדער יוד, וואָס פערשטעהט העברעאיש און וואָס גלויבט אין דער אויפלעבונג פון דער העברעאישער שפּראַך און דער העברעאי־שער קולטור. דער מיגליעדס־אָבצאָל איז 1 רובל אַ יאָהר — דער אַדרעס פון פאָרבערייטונגס־קאָמיטעט איז:

Berlin N. W. Mittelstr., 60.

# ב) יודישע אנשטאלטען אין די איינצעלנע לענדער.

## I. אין רוסלאנד.

**1. די חברה „מפיצי השכלה“.** די געזעלשאפט איז געגרינדעט אין יאהר 1863. זי האט דאס ציעל צו פערשפרייטען בילדונג צווישען די יודען אין רוסלאנד, מיטווירקען דער ענטוויקלונג פון דער יודישער לעדר-ליטעראטור און איינשאפען לעהר-מאטעריאלען פאר די יודישע שילער און לעהרער. אום צו פערווירקליכען איהרע אויפגאבען טוט די געזעלשאפט פאלגענדעס: א) זי גרינדעט פאר די יודען פערשידענע לעהר-אנשטאלטען, ביבליאטעקען, אלגעמיינע און יודישע בילדונגס-קורסען, ספעציעלע קורסען פאר יודישע לעהרער. זי ארדענט איין לעזונגען, מוזעען, אויסשטעלונגען און אז. וו. ב) זאמעלט און בעארבייט דאס מאטעריאל וועגען דער לאגע פון בילדונג ביי יודען, ג) סובסידירט יודישע לעהר-אנשטאלטען, לעהרער און שילער און ד) גיט ארויס און פערשפרייט ביכער און פעריאדישע אויסגאבען, וואס ענטשפרעכען די ציעלען פון דער געזעלשאפט.

אלס די ערשטע און אין משך פון א לאנגער צייט אויך די איינציגע געזעלשאפטליכע ארגאניזאציע, וואס האט פעראייניגט די יודישע אינטעליגענץ, האט די חברה „מפיצי השכלה“ פיעל אויפגעטון פאר די יודישע בילדונג. לויט די אלטע סטאטוטען פון 1863 האט די געזעלשאפט ניט געהאט קיין רעכט צו עפענען אבטיילונגען אין דער פראווינץ און יעדע אבטיילונג האט געהאט איהר בעזונדערען סטאטוט און איז געווען בעזונדער פעררעגיסטרירט. אבטיילונגען זיינען געווען נור אין אדעס, קיעוו און רינא. פון יאהר 1908 אן ארבייט די געזעלשאפט לויט א נייעם סטאטוט און האט רעכט צו עפענען אבטיילונגען אין דער גאנצער רוסישער מדינה, איצט האט די געזעלשאפט 26 אבטיילונגען, האלט אויס 9 שולען און סובסידירט 103 לעהר אנשטאלטען. די צאהל מיטגליעדער פון דער געזעלשאפט דערגרייכט ביז 800. דער ביודזשעט (1909) — 929.400 ר.

אין יאהר 1907 האט די געזעלשאפט געעפענט אין גראדנא „פעדאגאגישע קורסען“ צוצוגרייטען געניטע יודישע לעהרער.

די קורסען האבען זיך פאר די צייט גוט ענטוויקעלט און איצט שטעלען זיי פאר מיט זיך א וויכטיגען יודישען לעהר-אנשטאלט. די הוצאות אויף די „קורסען“ האבען אנגעטראפען אין יאהר 1909 — 25.629 ר.

אין אפריל 1911 איז פארגעקומען אין פעטערבורג א צוזאמענפאהר פון דער געזעלשאפט, אויף וועלכען עס זענען אנגענומען געווארען פאלגענדע וויכטיגע רעזאלוציעס וועגען לימוד אין די יודישע שולען: 1) אין אלע יודישע שולען דארף געלערענט ווערען תנ״ך און העברעאיש, 2) אין די שולען, וואס געפינען זיך אין די ערטער, וואו די יודישע בעפעלקערונג רעדט אויף יודיש, דארף די יודישע שפראך האבען אנ׳ארט אלס א לימוד און אלס א שפראך פון די לימודים, 3) תנ״ך דארף אין די יודישע שולען געלערענט ווערען אין ארגינאל 4) אין אלע יודישע שולען דארף אבליגאטאריש געלערענט ווערען א קורצער קורס פון דער יודישער געשיכטע פון דער עלטסטער ביז דער לעצטער צייט און 5) די פראגע וועגען דער רעליגיעזער ערציהונג אין דער יודישער שול ווערט איבערגעלאזען פריי צו פערענטפערען יעדער שול בעזונדער.

בראש פיז דער געזעלשאפט געפינט זיך א צענטראל-קאמיטעט אין פעטערבורג, וואו עס איז אויך די הויפט-פערוואלטונג פון דער געזעלשאפט. זינט 1910 גיט די געזעלשאפט ארויס איהר אייגענעם זשורנאל, וואס ערשיינט יעדען מאנאט (חוץ די זומער-מאנאטען) אויף רוסיש מיט ביילאגעס אויף העברעאיש און יודיש. דער זשורנאל רופט זיך אב אויף אלע פראגען פון דער יודישער פעדאגאגיק און גיט זעהר א געגויע און גוט-צוזאמענגעשטעלטע כראניק פון דעם יודישען לעהר- און שול-לעבען. דער פרייז פון זשורנאל איז 3 ר. א יאהר.

דער מיטגליעדער-אבצאהל אין דער געזעלשאפט איז פין פיער מדרגות און טרעפט אן—25 ר., 10 ר., 3 ר. און 50 ק.

אום צו גרינדען אנ׳אבטיילונג פון דער געזעלשאפט איז גענוג, אז 25 פערזאן אין א געוויסען ארט זאלען וועגען דעם מודיע זיין און פערשרייבען זיך פאר מיטגליעדער.

דער אדרעס פון דער געזעלשאפט איז:

О-во для распространенія просвѣщенія между евреями въ Россіи. С.-Петербургъ, Загородный пер., 23.

**2. די יק"א—אָבטיילונג.** די גרינדונג פון דער יק"א־אָב־טיילונג אין רוסלאַנד איז אַלערהעכסט ערלויבט געוואָרען דעם 6־טען מאַי 1892. איידער יק"א האָט אָנגעהויבען איהר טעטיגקייט אין רוס־לאַנד האָט זי געמוזט אַריינטראָגען אין נאָסודאַרסטווענעם באַנק 100 טויזענד רובל, פון וועלכע דער רוסישער מיניסטער פון אינערען האָט רעכט, לויט געוויסע אויסגעאַרבייטע תקנות, איינצומאַהנען די הוצאות, וואָס די רעגירונג קאָן האָבען ביים אומקעהרען און בעזעצען צוריק אין רוסלאַנד פּערזאָנען, וועלכע האָבען עמיגרירט מיט דער הילף פון יק"א.

בראש פון דער רוסישער יק"א אָבטיילונג געפינט זיך אַ צענט־ראַל־קאָמיטעט פון 10 פּערזאָן (פריהער 7) אין פּעטערבורג. דער פּאָר־זיצענדער פון קאָמיטעט איז געוועזען ביז זיין טויט דער באַראָן ג. א. גינצבורג. —

איצט פיהרט יק"א אין רוסלאַנד זעהר אַ לעבהאַפטע טעטיגקייט, וואָס וואַקסט פון יאָהר צו יאָהר אין כמות און אין איכות. ביים צענטראַל־קאָמיטעט געפינען זיך איצט פיער סעקציעס: פאַר לאַנדווירטשאַפט (און סטאַטיסטיק), פּראָפעסיאָנעלע בילדונג, קאָאָפּעראַטיווע קרעדיט־הילף און פאַר עמיגראַציע.

יק"א האַלט אויס ביז 10 פערמעס, אַ רייהע קאָלאָניעס, 37 פּראָ־פעסיאָנעלע שולען, אַ רייהע קורסען, אַ וואָהל־פאַבריק אין דובראָווגע, בילינע הינגיענישע וואוינונגען איןווילנא, באָברויסק א. א., 270 לייה־און שפּאָר־קאַסעס, העכער 400 אינפאָרמאַציאָנס־ביוראָ'ען, גיט אַרויס אַ ספּעציעלען אָרגאַן „דער יודישער עמיגראַנט", בערשפּרייט מאַסען לי־טעראַטור פאַר עמיגראַנטען, האָט אַרויסגעגעבען וויכטיגע סטאַטיסטישע פאָרשונגען („מאַטעריאַלען וועגען דער עקאָנאָמישער לאַגע פון די יודען אין רוסלאַנד" אין אַ רייהע אַנדערע).

אויף ענטוויקלונג פון לאַנדווירטשאַפט האָט יק"א אין יאָהר 1909 אויסגעגעבען: 226.044 רובל, אויף פּראָפעסיאָנעלע בילדונג — 218.220 רובל, אויף די פאַבריק אין דובראָווגע (געגרינדעט אין יאָהר 1898—90) האָט יק"א געגעבען 800.000 רובל (פון דעם אַלגע־מיינעם אַקציען־קאַפּיטאַל 1.200 טויזענד), אויף די בילינע דירות אין ווילנא (אין יאָהר 1898) — 270.000 ר.

צו די 400 אינפאָרמאַציאָנס־ביוראָ'ען האָבען זיך אין יאָהר 1909 געווענדעט ביז 33.000 עמיגראַנטען. די צאָהל בראָשיורען, אינפאָרמאַציאָנס־בלעטלעך און נומערען פון זשורנאַל, וואָס יק"א האָט פערשפּרייט אין יאָהר 1909 דערגרייכט ביז 153.000. — צו די לייה־און שפּאָר־קאַסעס האָבען זיך געווענדעט 46,6 פּראָצענט פון דער יודישער בעפעלקערונג אין די פּונקטען, וואו די קאַסעס געפינען זיך.

דער ביודזשעט פון דער יק"א־אָבטיילונג אין רוסלאַנד ווערט בעשטעטיגט אין דער הויפּט־פערוואַלטונג אין פּאַריז און די גאַנצע אַרבייט ווערט אויך געפיהרט אונטער איהר קאָנטראָל. אַדרעס:

Еврейское Колонизаціонное Общество. С.-Петербургъ, Замятинъ пер., 4.

**3. די יודישע לייה־און שפּאָר־קאַסעס** (קרעדיט־קאָאָפּעראַטיווען) שטעלען פאַר מיט זיך אַ זעהר ווילטיגען עקאָנאָמישען פאַקטאָר אין יודישען לעבען פון תחום. זיי האָבען ווי מיט אַ נעץ אַרומגענומען כמעט אַלע מעהר־ווייניג בעדייטענדע פּונקטען פון יודישען תחום. — צום 1־טען אָקטאָבער פון יאָהר 1910 האָט די צאָהל קאַסעס דערגרייכט 350 מיט 194.786 מיטגליעדער מיט אַנ'אָרטיגען אומזאַץ־קאַפּיטאַל (אָהן דער יק"א־תמיכה) פון 11,509,045 רובל. — עס גרינדען זיך נאָך אַלץ נייע קאַסעס. — אין די לעצטע צווי יאָהר האָבען זיך געגרינדעט: אין יאָהר 1909 — 89, אין יאָהר 1910 — 53 נייע קאַסעס.

**4. די געזעלשאַפט פאַר מלאכה און ערדאַרבייט צווישען יודען אין רוסלאַנד** איז פערריגיסטרירט געוואָרען אין פּעטערבורג אין יאָהר 1906. די געזעלשאַפט האָט דאָס ציעל מיטצווירקען דער ענטוויקלונג און דער פערשפּרייטונג צווישען די יודען פון האַנדווערקערייטעכנישע און לאַנדווירטשאַפטליכע קענטעגישען און אַרבייטען. די געזעלשאַפט ניט אַרויס סיבסידיעס די יודישע שילער אין די אַגראָנאָמישע, טעכנישע און האַנדווערקער־שולען, העלפט מיט דער גרינדונג און גרינדעט פאַר יודען ערד־אַרבייטער און האַנדווערקער־שולען, לעהר־פערמעס, ווערקשטאַטען, פּראָפעסיאָנעלע קורסען א. אז. וו. די געזעלשאַפט העלפט אויך ערווערבען די נויטיגע געצייג און מאַטעריאַלען פאַר די ערדאַרבייטער און האַנדווערקער, גיט אַרויס הלואות, האַלט אונטער די עקזיסטירענדע קאָלאָניעס אין רוסלאַנד און גרינדעט נייע. ביי דער געזעלשאַפט געפינט זיך אַ קאָמיסיע, וואָס קלייבט צונויף און פאָרשט אויס דאָס סטאַטיסטישע

מאַטעריאַל וועגען דער לאַגע פון די יודען-האַנדווערקער און בכלל פון דעם אַרבייטענדען קלאַס. פאַר די לעצטע צייט האָט די געזעלשאַפט צונויפגערופען צוזאַמענפאָהרען וועגען דער פראַגע צו בעשאַפען אַ יודישע הויז-אינדוסטריע און וועגען דער פראָפעסיאָנעלער בילדונג אויסער דער שול.

דער בודזשעט פון דער געזעלשאַפט איז אין יאָהר 1911 געוועזען — 61.917 רובל. אין יאָהר 1910 האָט די געזעלשאַפט צוגעטראָטען איינצואָרדנען אין פעטערבורג קורסען פאַר די ערלערנונג פון אויטאָמאָביל-טעכניק אום צוצוגרייטען יודישע ספעציאַליסטען-שאָפערים און מעכאַניקער. די געזעלשאַפט ווירקט אויך מיט דער איבערוואַנדערונג פון די יודישע האַנדווערקער פון תחום המושב אין די ערטער אויסער דעם תחום.

בראש פון דער געזעלשאַפט געפינט זיך אַ קאָמיטעט פון 12 פערזאָן. קיין אָבטיילונגען האָט די געזעלשאַפט ניט. דער יעהרליכער מיטגליעדער-אָבצאָהל איז פון צוויי מדרגות און טרעפט אָן — 3 ר. און 10 ר. אַדרעס:

О-во ремесленнаго и земледѣльческаго труда среди евреевъ въ Россіи. С.-Петербургъ, Галерная, 3.

**5. אגודת חובבי שפת-עבר** איז לעגאַליזירט אין יאָהר 1907 אין פעטערבורג. די געזעלשאַפט האָט דאָס ציעל מיטצווירקען דער פערשפרייטונג פון דער העברעאישער שפראַך צווישען די יודען און דער ענטוויקלונג פון דער העברעאישער ליטעראַטור. די געזעלשאַפט זאָרגט וועגען דעם, אַז העברעאיש זאָל גוט געלערנט ווערען אין די חדרים, תלמוד-תורות, ישיבות און פריוואַטע יודישע לעהר-אַנשטאַלטען. זי העלפט איינאָרדנען חדרים מתוקנים, יודישע ביבליאָטעקען, שולען און קורסען צו ערלערנען העברעאיש, לעזונגען און לעקציעס. מיט דער געזעלשאַפט פערוואַלטעט אַ קאָמיטעט, וואָס געפינט זיך אין פעטערבורג. אין יעדען אָרט, וואו עס וואוינען ניט ווייניגער פון 15 מיטגליעדער, קאָן געעפענט ווערען אַן אָבטיילונג פון דער געזעלשאַפט. דער יעהרליכער מיטגליעדער-אָבצאָהל איז פון צוויי מדרגות און טרעפט אָן 5 ר. און 3 ר. די טעטיגקייט פון דער געזעלשאַפט ענטוויקעלט זיך פון יאָהר צו יאָהר. די חברה האָט 48 אָבטיילונגען, וואָס בעשעפטיגען זיך מיט איינאָרדנען העברעאישע ליטעראַרישע אָווענדען, עפענט לעזע-זאַלען און ביבליאָטעקען, פערשפרייטען צייטונגען און ווערק פון דער העברעאישער ליטעראַטור.

דער ביודושעט (1910) האט בעטראפען 1577 רובל. דער אדרעס פון צענטראל־קאמיטעט איז:

О-во любителей еврейскаго языка. С. Петербургъ,
Офицерская, д. 50, кв. 3.

## 6. די יודישע ליטעראַרישע געזעלשאַפט

איז לעגאַליזירט אין יאהר 1908 אין פעטערבורג. די געזעלשאַפט האט דאס ציעל מיטצווירקען דער ערלערנונג און ענטוויקלונג פון דער יודישער וויסענשאַפטליכער און שעגער ליטעראַטור אויף העברעאיש, יודיש, רוסיש א. א. שפראַכען. צו דעם צוועק אָרדענט אַיין די געזעלשאַפט געשפרעכען און פאָרלעזונגען אויף רוסיש, יודיש און העברעאיש. זי אָרדענט אַיין עפענטליכע פערזאַמלונגען, רעפעראַטען און לעקציעס, ספעקטאַקלען, קאָנצערטען אין ליטעראַרישע אָווענדען. מיט דער געזעלשאַפט פערוואַלטעט אַ צענטראַל־קאָמיטעט פון 18 פערזאָן אין פעטערבורג. אין יעדען אָרט, וואו עס וואוינען ניט ווייניגער פון 10 מיטגליעדער פון דער געזעלשאַפט, קאָן געעפענט ווערען, מיט דער ערלויבניש פון צענטראַל־קאָמיטעט, אַ אָבטיילונג. יעדע אָבטיילונג מוז יעהרליך אַריינטראָגען אין קאַסע פון צ. ק. ניט ווייניגער פון 30 ר'. דער יעהרליכער מיטגליעדער־אָבצאָהל איז פון דריי מדרגות און טרעפט אָן: 10 ר., 6 ר. און 3 ר. די מיטגליעדער פון די אַלע דריי מדרגות האָבען דאָסזעלבע שטימרעכט. ביי דער געזעלשאַפט געפינט זיך אַ לעקציאָנס־ביוראָ און אַ ספעציעלע טעאַטער־סעקציע. די הויפט־טעטיגקייט פון דער געזעלשאַפט דריקט זיך אויס, דער עיקר, אין איינאָרדנען ליטעראַרישע אָווענדען און רעפעראַטען. צו דעם ציעל זענען קאָמאַנדירט געוואָרען אַ רייהע לעקטאָרען און רעפערענטען אין פערשיעדענע שטעדט; אין די קלענערע פונקטען זענען פונאַנדערגעשיקט געוואָרען העקטאָגראַפירטע פאָרטראַגען. פאַר דעם קורצען משך צייט פון איהר עקזיסטענץ האט די געזעלשאַפט פעראייניגט די טוער פון אַלע פאַרטייען און האט זיך ברייט פערשפרייט איבער גאַנץ רוסלאַנד. זי איז איצט איינע פון די לעבעדיגסטע און פאָפולערסטע יודישע געזעלשאַפטען אין רוסלאַנד. — צום סוף יאהר 1910 האט זי געהאַט 82 אָבטיילונגען. — אַדרעס:

Еврейское Литературное О-во. С.-Петербургъ.
8-ая Рождественская, д. 25.

## 7. די יודישע היסטאָריש־עטנאָגראַפישע געזעלשאַפט,

לעגאַליזירט אין יאהר 1908 אין פעטערבורג. די געזעלשאפט האט דאס

ציעל צו זאַמלען, אויספאָרשען און בעאַרבייטען אַלע היסטאָרישע און עטנאָגראַפישע מאַטעריאַלען וועגען יודענטום אין רוסלאַנד און פוילען פון דער עלטסטער ביז דער איצטיגער צייט. צו דעם צוועק אָרדענט איין די געזעלשאַפט פערזאַמלונגען פון אירע מיטגליעדער פאַר וויסענשאַפט-ליכע מיטטהיילונגען, עפענטליכע לעקציעס וועגען די פראַגען פון יודישער געשיכטע און עטנאָגראַפיע, גיט אַרויס סיסטעמאַטישע זאַמעלביכער פון אַקטען און רעגעסטען, וויסענשאַפטליכע אַרבייטען א. אַז. וו. פון יאַנואַר 1909-טען יאָהר אָן גיט די געזעלשאַפט אַרויס אונטער דער רעדאַקציע פון ש. דובנאָוו אַ דריימאָנאַטליכער זשורנאַל „Еврейская Старина“. אין די ביז איצט ערשיענענע ביכלעך פון זשורנאַל געפינט זיך אַ רייהע היסטאָרישע דאָקומענטען, מיטטהיילונגען, מעמואַרען, קריטישע און ביבליאָ-גראַפישע איבערזיכטען, רעצענזיעס און אַרטיקלען וועגען דער געשיכטע פון די יודען אין פוילען און רוסלאַנד. אין דער ביילאַגע צום זשורנאַל דרוקט זיך דער „ועד-פנקס פון די גרעסטע יודישע קהלות אין ליטא“. די געזעלשאַפט אָרדענט אויך איין אַ צענטראַלען יודישען אַרכיוו און מוזעאום. לויט דעם סטאַטוט האָט די געזעלשאַפט רעכט צו עפענען אָב-טהיילונגען אין גאַנץ רוסלאַנד, נור די געזעלשאַפט האָט ניט קיין אָב-טהיילונגען און איהר טעטיגקייט איז קאָנצענטרירט אין פעטערבורג. דער יעהרליכער מיטגליעדער-אָבצאָהל איז פון צוויי מדרגות און טרעפט אָן 5 ר. און 3 ר. צום אָנהויב פון יאָהר 1910 האָט די געזעלשאַפט געהאַט 427 מיטגליעדער, פון זיי אין פעטערבורג — 254. דער בודזשעט פון דער געזעלשאַפט האָט אין יאָהר 1910 אָנגעטראָפען 7089 רובל.

די געזעלשאַפט האָט אַרויסגעגעבען צוויי טאָמען „רעגעסטען און אויפשריפטען“ און איז צוגעטראָטען צו דער אויסגאַבע פון אַ יודישער היסטאָרישער הרעסטאָמאַטיע אויף רוסיש. די געזעלשאַפט האָט בעשטימט צום אַפּריל 1912 אַ פרעמיע אין 400 רובל פאַר דאָס בעסטע ווערק וועגען דער „געשיכטע פון דער רוסיש-יודישער און יודישער זשורנאַליסטיק אין רוסלאַנד“. אַדרעס:

Еврейское историко-этнографическое О-во. С.-Петербургъ, Захарьевская 25, кв. 13.

**8. די געזעלשאַפט פון יודישער פאָלקס-מוזיק,** לעגאַליזירט אין יאָהר 1908 אין פעטערבורג. די געזעלשאַפט האָט דאָס ציעל מיטצווווירקען דער ערלערנונג און ענטוויקלונג פון דער יודישער פאָלקס-מוזיק (גייסטליכער און וועלטליכער), צונויפקלייבענדיג די מוסטערען

פון פאָלקס־שאַפען, בעאַרבייטענדיג זיי קינסטלעריש און פערשפרייטענדיג זיי אין דער בעפעלקערונג, די געזעלשאַפט גיט אויך שטיצע די יודישע קאָמפּאָזיטאָרען איז אַנדערע מוזיקער. צו דעם צוועק גיט די געזעל־שאַפט אַרויס און שטיצט די אַרויסגעבונג פון מוזיקאַלישע ווערק און אויך פון טעאָרעטישע אַרבייטען וועגען דער יודישער מוזיק. די געזעל־שאַפט האָט דאָס רעכט איינצואָרדנען מוזיקאַלישע פערזאַמלונגען און קאָנצערטען, צו האָבען איהר אייגענעם כאָר, אָרקעסטער און ביבליאָטעק, צו בעשטימען קאָנקורסען אויף די בעסטע מוזיקאַלישע ווערק, אַרויס־צוגעבען איהר אייגענעם זשורנאַל א. אז. וו. די געזעלשאַפט האָט דאָס רעכט צו עפענען אָבטיילונגען אין פערשיעדענע שטעדט פון רוס־לאַנד, נור ביז איצט איז איהר טעטיגקייט קאָנצענטרירט אין פעטערבורג.— אין יאָהר 1910 האָט די געזעלשאַפט אַרויסגעגעבען די ערשטע סעריע (15 נומערען) פון די יודישע פאָלקס־ליעדער און האָט איינגעאָרדענט אין 25 גרעסערע שטעדט קאָנצערטען פון יודישער פאָלקס־מוזיק. אין פעטערבורג האָט די געזעלשאַפט, חוץ קאָנצערטען, נאָך איינגעאָרדענט פיער פאָרטראַגען מיט מוזיקאַלישע איליוסטראַציעס. — דער ביודזשעט טרעפט אָן — 2132 ר. מיטגליעדס־אָבצאָהל 6 ר. און 3 ר. מיט דער געזעלשאַפט פערוואַלטעט א קאָמיטעט פון 7 פערזאָן און א ספּעציעלער מוזיקאַלישער קאָמיטעט. אַדרעס:

О-во еврейской народной музыки. С.-Петербургъ, Съѣзжинская 11, кв. 24.

## 9. די געזעלשאַפט צו רעגולירען די יודישע עמיגראַציע

איז לעגאַליזירט אין יאָהר 1907, אין פעטערבורג. די געזעלשאַפט האָט דאָס ציעל צו העלפען די יודען־עמיגראַנטען אין אַלע פאַלען, ווען דאָס איז נויטיג. צו דעם צוועק גיט די געזעלשאַפט אַרויס ידיעות דורך איהרע אינפאָרמאַציאָנס־ביוראָ־ען וועגען די בעסטע פערקעהר־וועגען, אָרדענט איין גאַרקיכען און גאַסטהייזער פאַר די עמיגראַנטען, גיט אַרויס געדרוקטע פעריאָדישע און ניט־פעריאָדישע אויסגאַבען, אָרדענט איין לע־זונגען און קורסען אום צו בעקאַנען די עמיגראַנטען מיט די אויסלענדישע שפּראַכען און מיט די לעבענס־בעדינגונגען אין פערשיעדענע לענדער, געהט אַריין אין פערבינדונגען מיט די געהעריגע אַנשטאַלטען, וואָס געפינען זיך אין רוסלאַנד און אויסלאַנד, אָרדענט איין צוזאַמענפאָהרען וועגען די פראַגען פון רעגולירען די יודישע עמיגראַציע א. אז. וו. די געזעלשאַפט האָט רעכט צו עפענען אָבטיילונגען אין גאַנץ רוסלאַנד. דער יעהרליכער מיטגליעדס־אָבצאָהל איז: 10 ר., 6 ר. און 2 ר. בראש

פון דער געזעלשאפט געפינט זיך א פערוואלטונג פון 12 פערזאן. אבטיילונגען קאנען געעפענט ווערען אין יעדען ארט, וואו עס וואוינען ניט ווייניגער פון 10 מיטגליעדער. — אין דער געזעלשאפט נעהמען אנ'אנטייל פערשיעדענע יודישע געזעלשאפטליכע גרופען, וואס האבען זיך פעראייניגט צו דעם ציעל. — אדרעס:

О-во для регулированія еврейской эмиграціи. С.-Петербургъ, Невскій пр. 65, кв. 30.

**10. געזעלשאפט פאר וויסענשאפטליכע יודישע קענטנישען** געגרינדעט אין יאהר 1908 אין פעטערבורג. די געזעלשאפט האט זיך געשטעלט דאס ציעל ארויסצוגעבען אויסשליסליך וויסענשאפטליכע יודישע ליטעראטור אויף פערשיעדענע שפראכען. איצט איז די געזעלשאפט איינגאנצען פערנומען מיט דער אויסגאבע פון דער „יודישער ענציקלאפעדיע“, אויף רוסיש, צוזאמען מיט דעם פערלאג בראקהויז־עפראן. ביז איצט האט די געזעלשאפט שוין ארויסגעגעבען 9 טאמען פון דער „יודישער ענציקלאפעדיע“. די געזעלשאפט איז געגרינדעט אויף אקציעס, יעדע אקציע קאסט 100 ר׳. בראש פון דער געזעלשאפט געפינט זיך א קאמיטעט פון 12 פערזאן. אדרעס:

О-во для научныхъ еврейскихъ знаній. С.-Петербургъ, Бассейная 35.

**11. די יודישע קאנסולטאציע וועגען יודישע ענינים אין** פעטערבורג פערנעהמט זיך מיט יודישע יורידישע־ענינים, דער עיקר, פון געזעלשאפטליך־רעכטליכען כאראקטער און גיט הילף הויפטזעכליך דער ארימער יודישער בעפעלקערונג. די קאנסולטאציע גיט פערשיעדענע ערקלערונגען, אויסקינפטען, ידיעות און ענטפערן אויף פראגען, הן אויסווענדיג, הן שריפטליך. אדרעס:

Юридическая консультація по еврейскимъ дѣламъ. С.-Петербургъ, 6-ая Рождественская 5, кв. 14.

---

## II. אין דייטשלאנד.

**1. יודיש־דייטשער געמיינדע־בונד**, געגרינדעט אין יאָהר 1869. דאָס ציעל פון פערבאַנד בעשטעהט אין פאָלגענדען (לויט די בעשליסונגען פון געמיינדע־טאָג, דעם 16־טען אָקטאָבער 1898): א) זאַמלען און פובליקירען דאָס מאַטעריאַל וועגען די פראַגען פון גע־מיינדע־פערוואַלטונג, וואָס די פראַקטיק שטעלט אַרויס, ב) אונטערשטי־צען די נויטבעדערפטיגע קהלות ג) זאָרגען וועגען דעם אונטערריכט פון דער יודישער רעליגיע ד) גרינדען אינסטיטוטען צו בעזאָרגען די בע־אַמטע פון די קהלה־פערוואַלטונגען און זייערע פאַמיליעס אין פאַל פון עלטער אָדער טויט פון דעם פאַמיליע־פאָרשטעהער, ה) גרינדען און אונטערהאַלטען די אַנשטאַלטען, וואָס האָבען דאָס ציעל צו פערשפּרייטען פאָלקס־בילדונג צווישען די יודען ו) מיטווירקען, אַז די יודען זאָ־לען זיך פערנעהמען מיט האַנדווערק, לאַנדווירטשאַפט און טעכני־שער אינדוסטריע ז) מיטווירקען דער ענטוויקלונג פון אַנשטאַלטען, וואָס גיבען הילף קראַנקע און אָרימע ח) די בעטראַכטונג פון קולטורעלע, רע־ליגיעזע און פאָליטישע פראַגען איז אויסגעשלאָסען פון דער טעטיגקייט פון פערבאַנד. דער פאָרזיצענדער פון פעראיין איז דער פראָפ. מ. פיליפּסאָן. אַדרעס:

Berlin, W. Steglitzerstr. 85.

**2. דער צענטראַל־פעראיין פון די דייטשע בירגער פון יודישען גלויבען**, געגרינדעט אין יאָהר 1893 מיט דעם ציעל סיסטעמאַ־טיש צו קעמפען מיט דעם אַנטיסעמיטיזם אין אַלע געביעטען פון דייטשען לעבען. דער פעראיין צעהלט אָן ביז 28.000 מיטגליעדער און אַ גאַנצע רייהע יודישע אָרגאַניזאַציעס (בסך־הכל 140.000 דייטשע יודען). אום ערפאָלגרייכער צו קעמפען מיט'ן אַנטיסעמיטיזם האָט דער פער־איין געעפענט אין פערשיעדענע פונקטען אָבטיילונגען. דער פער־איין קעמפט ביי אַלע וואַהלען געגען די אַנטיסעמיטישע קאַנדידאַטען, גיט אַרויס אַ מאָנאַטליכען זשורנאַל „Im deutschen Reich“ די פאָרשטעהער פון דער געזעלשאַפט זענען די בערלינער טוער דר. מ. האָראָוויץ און דר. פוקס. אַדרעס:

Berlin, Lindenstr. 13.

**3. פערבאַנד פון די דייטשע יודען**, געגרינדעט אין יאָהר 1904. דאָס ציעל פון פערבאַנד איז פערטיידיגען די אינטערעסען פון אַלע גרופּעס יודען, וואָס וואוינען אין דייטשלאַנד, אָהן אונטערשיעד פון זייערע רע־

ליניעזע אין פאליטישע אנשויאונגען. דער פערבאנד האט זיך געשטעלט די אויפגאבע צו קעמפען געגען אלע אנפאלען אויף די יודישע גלייכבערעכטיגונג און געגען די אנפאלען אויף די יודישע רעליגיאן און די יודישע מנהגים. לויט זיינע אויפגאבען געהט זיך דער פערבאנד נאהנט צוזאמען מיט דעם „צענטראלען פעראיין“, נור עס טראגט א מעהר נאציאנאלען כאראקטער. פיעל אבטיילונגען פון דעם „צענטראלען פעראיין“ רופען זיך נאך ביז איצט „דייטש-נאציאנאלע“ און דער דאזיגער נאמען רעגט אויף די נאציאנאל-געשטימטע יודישע קרייזען. דער לעצטער צוזאמענפאהר פון פערבאנד איז פארגעקומען דעם 17-טען אקטאבער 1909 אין ברעסלוי מיט דעם אנטייל פון 319 דעלעגאטען. די דאזיגע צוזאמענפאהרען טראגען אויך דעם נאמען „יודענטאג“. אין פערבאנד געהען אריין 195 יודישע קהלות און 14 בעזונדערע פעראיינען צווישען וועלכע עס געפינען זיך אויך די ניט-לאנג ענטשטאנענע פעראיין פון יודישע פרויען און פעראיין פון דער יודישער יוגענד. דער פארזיצענדער איז: ד"ר מ. הארוויץ. אדרעס: Berlin, Lindenstr. 13.

**4. פערבאנד פון די פעראיינען פאר יודישע געשיכטע און ליטעראטור.** דער ערשטער פעראיין איז געגרינדעט געווארען אין יאהר 1891 אין בערלין לויט דער איניציאטיוו פון גוסטאוו קארפעלעס, פראפ. פיליפסאן און איינינע אנדערע מיט דעם ציעל צו קעמפען מיט דער גלייכגילטיגקייט, וואס וואקסט אלץ מעהר און מעהר אין דער יודישער געזעלשאפט, דורך בעקאנען די לעצטע מיט דער יודישער געשיכטע און ליטעראטור. נאך בערלין האבען זיך גיך אנגעהויבען גרינדען פעראיינען אין אנדערע שטעדט און צום סוף יאהר 1896 האט זיך געגרינדעט דער פערבאנד פון די פעראיינען, צו וועלכען עס זענען צוגעשטאנען 29 פונקטען. איצט נעהמט דער פערבאנד ארום 221 פעראיינען כמעט אין אלע שטעדט פון דייטשלאנד. זייער טעטיגקייט דריקט זיך אויס אין איינארדנען רעפעראטען, ליטערארישע אווענדען, ביבליאטעקען און לעזע-זאלען.

דער פארזיצענדער איז פר. מ. פיליפסאן. אדרעס:

Albert Katz, Pankow bei Berlin, Flora str. 58.

**5. געזעלשאפט מיטצואווירקען דער וויסענשאפט פון יודענטום,** געגרינדעט אין יאהר 1902. די צאהל-מיטגליעדער — 1300. די געזעלשאפט שטיצט מאראליש און מאטעריעל די יודישע געלעהרטע, ארויסגעבענדיג וויסענשאפטליכע ווערק און געבענדיג סובסידיעם די פער-

זאָגען, וואָס האָבען זיך געווידמעט דער יודישער וויסענשאַפט. דער פאָרזיצענדער פון דער געזעלשאַפט איז — פּראָפ. מ. פיליפּסאָן. אַדרעס:
Gesellschaft für Förderung der Wissenschaft des Iudenthums. Berlin, Kurfürstendamm, 211.

**6. די יודישע סטודענטען־אָרגאַניזאַציעס.** די ערשטע סטודענטישע פעראיינען האָבען זיך געגרינדעט מיט דעם ציעל צו קעמפען געגען די אַנטיסעמיטישע טענדענצען אין די דייטשע סטודענטען־קאָרפּאָראַציעס. דערנאָך איז צו דער דאָזיגער נעגאַטיווער אויפגאַבע צוגעקומען אַ רייהע פּאָזיטיווע: „ערציהען אין די מיטגליעדער דעם יודישען זעלבסטבעוואוסטזיין, אום זיי זאָלען קאָנען אין דעם בירגער־לעבען פערטיידיגען זייער פולבערעכטיגונג“. איצט געפינען זיך די יודישע סטודענטישע קאָרפּאָראַציעס ביי אַלע אוניווערזיטעטען און זענען פעראייניגט אין פיער פערבאַנדען:

א) B. I. C. (Bund jüdischer Corporationen) נעהמט אַרום די פעראיינען פון די יודישע סטודענטען (V. I. St.) פון די אוניווערזיטעטען אין בערלין, ברעסלוי, מינכען, סטראַסבורג, פרייבורג, קעניגסבערג און מאַרבורג. דאָס פּראָגראַם פון פערבאַנד איז: „זיין אַ זאַמעלפּונקט פאַר אַלע יודישע סטודענטען, וועלכע אָנערקענען זיך בעוואוסטזיניג פאַר יודען און ווילען נעהמען אַנטייל אין דער ענטוויקלונג פון נייעם לעבעדיגען יודענטום“.

ב) K. C. (Kartell Convent) נעהמט אַרום די קאָרפּאָראַציעס: טיורינגיא — אין ברעסלוי (געגר. 1886 — די ערשטע יודישע סטודענטען־קאָרפּאָראַציע אין דייטשלאַנד), באַיערען — אין הײדעלבערג, ספּרעוויא — אין בערלין, ליקאַריא — אין מינכען, ריינסילעזיען — אין באָן, ניבעלונגיא — אין פרייבורג, וויאַדרינא — אין דאַרמשטאַט. זיין פּראָגראַם איז: קעמפען מיט׳ן אַנטיסעמיטיזם, ערציהען דעם יודישען זעלבסטבעוואוסטזיין. דער פערבאַנד פאָדערט פון זיינע מיטגליעדער די שטרענגסטע קאָרפּאָראַציאָנס־דיסציפּלין און די שטרענגסטע אָבהיטונג און פערטיידיגונג פון דעם כבוד פון פערבאַנד.

ג) K. Z. V. (Kartell Zionistisc her Verbindungen) נעהמט אַרום פאָלגענדע ציוניסטישע קאָרפּאָראַציעס: השמונית — בערלין, ירדניה — מינכען, תחיה — קעטען. פּראָגראַם: ענטוויקלען די אידעען פון ציוניזם צווישען די מיטגליעדער, בעקאָ־

נען זיי מיט דער העברעאישער שפּראַך, געשיכטע און ליטעראַטור, פיזישע ענטוויקלונג. דער צייכען פון ק. צ. פ. איז — אַ גאָלדענער מגן דוד אויף אַנ'איינפאַרביגער לענטע, בעציערט מיט גאָלד.

ד) V. J. A. (Vereiniguug jüdischer Akademiker)

פעראייניגט די קאָרפּאָראַציעס פון די יודישע סטודענטען-אָרטאָדאָקסען אין בערלין, מינכען, סטראַסבורג און ברעסלוי.

**7. יודישער פרויען-בונד.** דאָס ציעל — פערטיידיגען די אינטערעסען, װאָס זענען אַלגעמיין דער גאַנצער יודישער פרויען-װעלט אין דייטשלאַנד, מיטווירקען דער פערבינדונג פון די בעזונדערע פרויען-פעראיינען, בעקאָנען מיט די מוסטערהאַפטע פרויען-אַנשטאַלטען און מיט װייטערע זעלבסטשטענדיגע התחלות און נסיונות. — דער פרויען-בונד איז געגרינדעט אין יאָהר 1904, נעהמט אַרום 120 יודישע פרויען-פעראיינען. די ערשטע פאָרזיצענדערין איז פר' זידאָניע װערנער, האַמבורג, — די צווייטע — פר' הענריעטע מאַי, בערלין.

**8. פערבאַנד פון די יודישע יוגענד-פעראיינען,** געגרינדעט אין יאָהר 1909. דאָס ציעל — דאָס צוזאַמענלעבען פון דער יודישער יוגענד, ענטוויקלונג פון דעם יודישען זעלבסטבעוואוסטזיין און אינטערעס צו דער יודישער וויסענשאַפט, איינאָרדנונג פון ליטעראַרישע אָווענדען, רעפעראַטען, דיסקוסיעס א. אַ. וו. די צאָהל פעראיינען, װאָס דער פערבאַנד נעהמט אַרום, איז — 70 מיט 8669 מיטגלידער. אַדרעס:

Dr. E. Finkel, Berlin W. 62 Kleiststr. 12.

---

## III. אין ענגלאַנד.

**1. דער דעפּוטאַטען-ראַט פון די ענגלישע יודען,** געגרינדעט אין יאָהר 1760. צעהלט אָן 119 דעלעגאַטען, פון װעלכע 43 װערען אויסגעקליבען פון די לאָנדאָנער שול-קהלות, 72—פון די פּראָווינציעלע און 4 פון די קאָלאָניעלע קהלות. די לעצטע װאַהלען זענען פאָרגעקומען אין יאָהר 1907. דער ראַט פערנעהמט זיך מיט אַלע זייטען פון דעם אינטערעסענטען לעבען פון די ענגלישע יודען און צוזאַמען מיט דער Anglo Jewish Associaton טרעט ער אַרויס צו פערטיידיגען די יודען פון אַנדערע לענדער אין די אַלע פאַלען, װען עס פאָדערט זיך די אַריינמישונג פון ענגלישען מיניסטער פון אויסערען. אין די

יאהרען 1907--8 האט דער ראט הויך זיין געוועהנליכער אדמיניסטראטיווער ארבייט נאך 1) געשטיצט די יודישע קאנדידאטען ביי פערשידענע וואהלען און האט אויף דעם געזאמעלט די נויטיגע געלדמיטלען, 2) האט אויסגעזעהען די יודישע בית־עלמין'ס, 3) האט געפיהרט די סטאטיסטיק פון די געבורטען, טויטען און התונות, 4) האט בעשטימט יודישע איבערזעצער אין געריכט אין יודישען קווארטאל, 5) האט אין פיעל פאלען געדיענט אלס בוררים־געריכט פאר די יודישע אנשטאלטען, 6) האט פערטיידיגט די שחיטה, 7) האט פערטיידיגט די יודישע פאדערונגען וועגען שבת־רוה, 8) האט אומעטום אקטיוו פערטיידיגט די רעכט פון די יודישע קהלות, 9) האט אויסגעווירקט, אז מען זאל אין פארלאמענט אריינטראגען א געזעץ וועגען גרינדען נאכטהייזער פאר די אימיגראנטען, 10) האט געזארגט וועגען אריינטראגען הגהות לטובת די יודען אויך אין אנדערע געזעצפראיעקטען, 11) האט געזארגט, אז די געזעצען געגען די אימיגראנטען זאלען ניט צו שטרענג אבגעהיט ווערען, 12) האט פערוואלטעט מיט דעם מאראקא־פאנד און האט געזארגט וועגען דער יודישער ערציהונג אין מאראקא און 13) האט צוזאמען מיט דער Anglo Jewish Association געפיהרט פערהאנדלונגען מיט דער רעגירונג וועגען די רומענישע יודען און האט אויסגעווירקט, אז דאס מיניסטעריום פון אויסערען האט זיך אריינגעמישט און האט ניט דערלאזען קיין אונרוהען אין פערסיען.

**2. ביורא צו שטיצען די ארימע יודען**, געגרינדעט אין יאהר 1859. דאס ביורא פערייניגט, קאנצענטרירט און סיסטעמאטיזירט די וואהלטעטיגע הילף צווישען די לאנדאנער יודען. דער יאהר־ביודזשעט (1906) — 88.889 פונט סטערלינג (קרוב צו 844 טויזענד רובל). פון יאהר 1896 אן געפינט זיך דאס ביורא אין אן אייגענעם בנין (London, E. C. Midlesetstr.) און האט פאלגענדע אבטיילונגען: 1) אבטיילונג פאר הלואות אהן פראצענט, 2) אבטיילונג, וואס פערוואלטעט מיט די ווערקשטאטען, 3) אבטיילונג פאר נדבות, 4) אבטיילונג פאר בעזארגען קראנקע, 5) אבטיילונג צו געבען הילף די עמיגראנטען, 6) רוסיש־יודישער קאמיטעט, 7) סאניטארע אבטיילונג, 8) אבטיילינג פון בארמהערציגע שוועסטער, 9) אבטיילונג פאר קליידער־בעזארגונג, 10) אבטיילונג צו בעזארגען מיט ביליגען עסען, 11) אבטיילונג צו העלפען די קראנקע, וואס ווערען געזונד. — פון יאהר 1900 אן ווערען דערלאזען צו די וואהלען אויף די מיטגליעדער אין ביורא אויך פרויען. דער פארזיצענדער פון ביורא איז ל. ל. כהן. דער רוסיש־

יודישער קאָמיטעט איז געגרינדעט אין יאָהר 1882 מיט דעם ציעל צו שטיצען די רוסיש־יודישע עמיגראנטען. ספּעציעלע זאַמלונגען צו דעם צוועק זענען איינגעאָרדענט געוואָרען אין די יאָהרען 1882, 1891 און 1907. אין יאָהר 1907 איז געגעבען געוואָרען הילף 947 עמיגראַנטען, וואָס האָט אָבגעקאָסט 8.593 פונט סטערלינג. דאָס קאַפּיטאַל פון דעם קאָמיטעט צום סוף 1907 האָט אָנגעטראָפען — 18.478 פונט סטער־לינג (קרוב צו 180 טויזענד רובל).

**3. יודישע היסטאָרישע געזעלשאַפט אין ענגלאַנד**, געגרינדעט אין יאָהר 1893 לויט דער איניציאַטיווע פון לוסיען האָלף. — די געזעלשאַפט גיט אַרויס אַ אייגענעם זשורנאַל, אין וועלכען עס דרוקען זיך דאָקומענטען און אויספאָרשונגען וועגען דער געשיכטע פון די יודען אין ענגלאַנד און איהרע קאָלאָניעס. זי אָרדענט איין לעק־זונגען וועגען דער יודישער געשיכטע. דעם 4־טען פעברואַר האָט די געזעלשאַפט בעשטימט צו פייערען אַלס אַ טאָג, ווען „די יודען האָ־בען זיך צוריקגעקעהרט אין ענגלאַנד (Resetlement day) און האָט אין יאָהר 1906 איינגעאָרדנעט אין גאַנץ ענגלאַנד די פייערונג פון 250־טען יובילעאום פון דעם צוריק קומען פון די יודען אין ענגלאַנד. די גע־זעלשאַפט האָט איינגעאָרדנעט אַ מוזעאום (Frederic Mocatta Mu-seum) אַ ביבליאָטעק ביים אוניווערזיטעט און, ניט לאַנג, אויך אַ פערלאַג אַרויסצוגעבען יודישע ביכער. אדרעס:

London, W. C. Gowerstr.

**4. פערבאַנד פון די יודישע וויסענשאַפטליכע געזעל־שאַפטען.** די אויפגאַבען פון פערבאַנד זענען פאָלגענדע: א) פער־שפרייטען די קענטשאַפט פון דער יודישער ליטעראַטור, געשיכטע און סאָציאָלאָגיע, ב) צוזאַמענפאַסען די טעטיגקייט פון די וויסענשאַפטליכע פער־איינען און געזעלשאַפטען, ג) גרינדען פעראיינען אין נייע פונקטען און ענטוויקלען די היסענשאַפטליכע טעטיגקייט פון די יודישע קלובען, ד) צושטעלען די לעקטאָרען די נויטיגע וויסענשאַפטליכע מאַטעריאַלען, ה) מיטווירקען דער אויסגאַבע פון יודישע פאָפּולערע ביכער, ו) איינאָרד־נען ביבליאָטעקען און אויסגאַבען פון דער יודישער געשיכטע און ליטע־ראַטור. — דער פערבאַנד איז געגרינדעט געוואָרען אין יאָהר 1902 און פעראייניגט 44 פעראיינען און געזעלשאַפטען.

**5. פערבאַנד פון יודישע פרויען.** — דער פערבאַנד האָט די אויפגאַבע צו פערבעסערען די סאָציאַלע, בירגערליכע, זיטליכע און גייסטיגע לאַגע פון דער יודישער פרוי, איינאָרדנען פרויען־קאָאָפּעראַ־

ציִעס, פערשפרייִטען די אידעע אָנטייל צו נעהמען אין די פּילאַנטראָ־פּישע ענינים. דער פערבאַנד טוט קיין זאַך ניט, וואָס זאָל זיין אַ קאָנקורענץ פאַר די עקזיסטירענדע וואָהלטעטיגע פעראיינען, ער שטרעבט נור צו פערבעסערן זייער טעטיגקייט און צו דעם צוועק אָרדענט ער איין מיטינגען, בעראַטונגען, צוזאַמענפאָהרען, וואָס קומען פאַר פון צייט צו צייט אין פערשידענע שטעדט. דער פערבאַנד ווירקט מיט דער פער־שפרייטונג פון נייע צווייגען פון דער פרויען־אַרבייט. דער פערבאַנד האָט אַ אינפאָרמאַציאָנס־ביוראָ, וואָס רעגיסטרירט דעם אָנטייל פון דער יודישער פרוי אין פערשידענע געביטען פון פּראָפעסיאָנעלען און גע־זעלשאַפטליכען לעבען, זאַמעלט און קלאַסיפיצירט אַלע ידיעות און בע־ריכטען פון די יודישע וואָהלטעטיגע און געזעלשאַפטליכע אַנשטאַלטען. דער פערבאַנד פערמאָגט אויך אַ קליינעס פאָנד צו געבען הלואות די יודישע מיידלעך, וואָס הויבען זיך אָן לערנען אַ בעשעפטיגונג. דער־ביודזשעט אין יאָהר 1907 האָט אָנגעטראָפען — 339 פונט סטערלינג. די צאָהל מיטגליעדער — 1340.—געגרינדעט אין יאָהר 1902 נאָך דעם צוזאַמענפאָהר פון די יודישע פרויען. אַדרעס:

London, W. 59 Groncester place.

**6. יודישע אַטלעטען־געזעלשאַפט** (Jewish Atletic Association) דאָס ציעל פון דער געזעלשאַפט איז — אויפהויבען די פיזישע ענטוויקלונג פון דער יודישער אַרבייטער־יוגענד, פערשטאַרקען און ענטוויקלען דעם אַטלעטישען גייסט. די געזעלשאַפט גרינדעט אַטלע־טישע קלובען פאַר יודען, שטיצט די, וועלכע עס זענען שוין פאַרהאַן. הוץ די קלובען האַלט זי נאָך אוים ביי די שולען פאַר יודישע שילער און שילערינס אָבטיילונגען פון פערשידענעם ספּאָרט (Football, Cricket) שווימען, ספּאָרט־וועטען א. א. — די געזעלשאַפט צו טיילט יעהרליך אַ גאַנצע רייהע פּריזען און מעדאַלען פאַר די בעסטע ערפאָלגען אין וועט־ספּאָרט. זי סובסידירט אַ גרויסע צאָהל שולען פאַר איינאָרדנען פלעצער צום ספּאָרט, ענטוויקלען דאָס שווימען א. אז. וו. אַדרעס:

London, N. E. 34 Downs-Park-Road.

**7. רעגימענט פון יודישע יונגע לייט** (Jewish Lads Brigade) געגרינדעט אין יאָהר 1895 לויט דער איניציאַטיווע פון פּאָלקאָוו־ניק גאָלדשמידט, וועלכער איז אויך געוועזען דער ערשטער קאָמאַנדיר פון

רעגימענט. דער רעגימענט האָט דאָס ציעל פיזיש צו ענטוויקלען די יודישע יוגענד פון די אָרימע קלאַסען. צום אָנהויב האָט דער רעגימענט געהאַט 100 מיטגליעדער — איצט האָט ער העכער 400. די איבונגען קומען פאָר יעדע וואָך אויף אַ ספּעציעלען פעלד, וועלכען די רעגירונג האָט צו דעם צוועק אָבגעגעבען. דער בודזשעט פון רעגימענט טרעפט אָן (יאָהר 1907) — 2.984 פונט סטערלינג. אַדרעס:

London, E, C. 21 Bucklersbury.

**8. משה מאָנטעפיאָרע'ס פאָנד** געגרינדעט אין יאָהר 1874 נאָך דעם, ווי משה מאָנטעפיאָרע האָט זיך אָבגעזאָגט פון צו זיין אַ פאָרזיצענדער אין דעם דעפּוטאַטען־ראַט פון די ענגלישע יודען. אַלס אָנערקענונג פון מאָנטעפיאָרע'ס געזעלשאַפטליכע פערדינסטען איז צונויפגעקליבען געוואָרען אַ סומע פון העכער 12.000 פונט סטערלינג, וועלכע איז בעשטימט געוואָרען, לויט דעם פערלאַנג פון מאָנטעפיאָרען, צו געבען הילף פאַר די פּאַלעסטינער יודען. אַדרעס:

London, E. C. Coleman st.

---

## IV. אין די פעראייניגטע שטאַאַטען

דאָס געזעלשאַפטליכע לעבען פון די אַמעריקאַנער יודען איז בעזונדערס כאַראַקטעריסטיש מיט דער שטאַרקער ענטוויקלונג פון זעלבסט־טעטיגקייט און איניציאַטיוו אין אַלע זייערע פאָרמען. דאָס יונגע אַמעריקאַנער יודענטום, ביי דער פאָלשטענדיגער פרייהייט פון לאַנד, האָט אין אַ קורצען משך צייט בעשאַפען אַ וואונדערבאַר־גרויסע צאָהל אָרגאַניזאַציעס אַלגעמיין־יודישע און אָרטיגע, וואָס האָבען די פערשידענסטע ציעלען: רעליגיעזע, קולטורעלע, פּאָליטישע, עקאָנאָמישע, סאָציאַלע א. א. נור דער איין בלויזער צעטעל, און דאָס ניט קיין פולער, פון די יודישע געזעלשאַפטליכע אָרגאַניזאַציעס און זייערע אָבטיילונגען אין די פעראייניגטע שטאַאַטען פערנעהמט אין אַמעריקאַנער יודישען יאָהר־בוך (American Jewish Jear Book 1907—8) 400 בלעטער. די בעדייטענדסטע פון זיי זענען פאָלגענדע:

1) פערבאַנד פון די יודישע געמיינדען (Union of american hebrew congregations) וואָס בעשטעהט פון 181 קאָנגרעגאַציעס,

2) נאַציאָנאַלע קאָנפערענץ פון די יודישע וואָהלטעטיגע געזעלשאַפטען (The national conference of jewish charitys in the United Staates), וואָס צעהלט אָן 114 וואָהלטעטיגע געזעלשאַפטען, 3) פער־איינִיגטע אַרבייטער־פעראיינען פון שטאַאט ניו־יאָרק, וואָס צעהלען אָן 63 אַרבייטער־פעראיינען פון פערשיעדענע פאַכען מיט 80.000 מיטגליעדער, 4) אַרבייטער־אָרגאַניזאַציע, וואָס איז בעוואוסט אונטערן נאָמען „אַרבייטער־רינג„, צעהלט 40.000 מיטגליעדער, 5) יודישער פרויען־ראַט (Council of jewish women) צעהלט אָן העכער 8.000 מיטגליעדער (כמעט אויסשליסליך פרויען), 6) אַמעריקאַנער ציוניסטישע פעדעראַציע, צעהלט אָן 20.000 — 15.000 שקל־צאָהלער, 7) פועלי־ציון (2.000). בילדונגס־געזעלשאַפט (The iewish Chautauqua society), וואָס האָט 85 פעראיינען מיט 2.500 מיטגליעדער.

פון די וויסענשאַפטליכע געזעלשאַפטען איז בעזונדערס ווערט דער־מאָהנט צו ווערען די יודיש־אַמעריקאַנער היסטאָרישע געזעלשאַפט, וואָס איז געגרינדעט געוואָרען אין יאָהר 1892. דער פּרעזידענט פון דער געזעלשאַפט איז סייִרוס־אַדלער, עהרען־פּרעזידענט — אָסקאַר שטרויס. די געזעלשאַפט פערנעהמט זיך מיט זאַמלען דאָקומענטען, וואָס האָבען אַ שייכות צו דער געשיכטע פון די יודען אין אַמעריקא. יעהרליך קומען פאָר צוזאַמענפאָהרען, אויף וועלכע עס ווערט בעטראַכט די טעטיג־קייט פון דער געזעלשאַפט און עס ווערען געלייענט וויסענשאַפטליכע פּאָרטראַגען. ביז איצט האָט די געזעלשאַפט אַרויסגעגעבען 17 טאָמען „Publications of the American Jewish Historical society“ (New Jork 1893 — 1909“), וואָס ענטהאַלטען אַ גרויסע צאָהל פאָרשונגען און אַ סך אַרכיוו־דאָקומענטען וועגען די געשיכטע פון די יודען אין די ענגלישע און האָלענדישע קאָלאָניעס, אין מעקסיקא, מזרח־אינדיען, בראַזיליען און פערשיעדענע טיילען פון אַמעריקא.

אַ בעזונדערס כאַראַקטעריסטישער שטריך אין יודיש־אַמעריקאַנישען לעבען איז די ברייטע פערשפּרייטונג פון די אַזוי אָנגערופענע אָרדענס (Orders) וואָס האָבען די ציעלען פון פעראייניגונג, זעלבסט־פערפאָלקאָמונג און וואָהלטעטיגקייט. די אָרדערס האָבען זייערע אָבטיילונגען אין גאַנץ אַמעריקא (די אָרטיגע אָבטיילונגען רופען זיך אָן „לאָדזשעס“), וועלכע פעראייניגען זעהר גרויסע מאַסען מיטגליעדער.

# דאס אינפארמאציאנס־ביורא
## פאר עמיגראנטען.

פון דער „יודישער קאלאניזאציאנס־געזעלשאפט' (יק"א).

איז געגרינדעט געוואָרען כדי צו געבען דעם יודישען עמיגראַנט די מעגליכקייט צו פאָהרען גאַנץ זעלבשטענדיג, אָהן שום העלפער און אַגענטען.

אויף וויפיעל עס איז שווער פאַר יעדען איינציגען צו בעקומען אַנ'אויסלענדישען פאַס, קויפען אַ שיפסקאַרטע, אויסצוקלייבען זיך ניט קיין טייערען, נאָהנטען און בעקוועמען מאַרשרוט, אַוועקשיקען באַגאַזש און אַזוי ווייטער, אויף אַזוי פיעל קלאָר און גרינג ווערט דאָס אַלץ, בעת מען קומט צו געניטע מענשען, וועלכע האָבען די אַלע נויטיגע ידיעות און פערנעהמען זיך ספּעציעל דערמיט, כדי צו בעהילפיג זיין דעם יודישען עמיגראַנט.

יעדער, ווער ס'האָט געטראָפען עמיגראַנטען, וועלכע זענען ניט געווען אין אינפאָרמאַציאָנס־ביוראָ און זענען געפאָהרען מיט דער הילף פון אַגענטען, האָט געוויס געהערט פון זיי, אַז דער וועג קאָסט זיי אָב פיער טייערער און אַז איידער זיי קומען ביז צום אָרט, וואוהין זיי פאָהרען, האָבען זיי אויסצושטעהן די גרעסטע צרות. גאָר אַנדערש פאָהרען עמיגראַנטען, וואָס ווענדען זיך יאָ פאַר'ן פאָהרען צום מורשה אָדער אין קאָמיטעט: דאַרף דער קליינשטעדטעלדיגער עמיגראַנט בעקומען אַנ־אויסלענדישען פאַס, ווייזט איהם אָן דער מורשה, וואָס פאַר אַ דאָקומענטען ער דאַרף האָבען, און ווי אַזוי ער קאָן זיי בעקומען. ביי דעם מורשה בעקומט דער עמיגראַנט אַ גענויען רעכענונג וואָס דאַרף קאָסטען די נסיעה, אויף וועלכען וועג ער זאָל פאָהרען, ווען זאָל ער אַרויספאָהרען א. ז. וו.

די לעצטע צייט טרעפט אָפט, אַז עמיגראַנטען ווערען אומגעקעהרט צוריק פון אַמעריקא. עס איז גרינג צו פערשטעהן, אַז דאָס איז דער גרעסטער אונגליק פאַר אַ מענשען, וואָס האָט זיך אָבגעריסען פון זיין היים, אויספערקויפט אַלץ, וואָס ער האָט פערמאָגט, אויסגעגעבען עס אויף דעם וועג און געבליבען ביי נאָרנישט. מען מוז אָבער וויסען, אַז עס איז גאָר גיט שווער פאָראויסצוזאָגען ווער קאָן ניט אַריינגעלאָזט ווערען אין דאָס איינוואַנדערונגס־לאַנד. עס זענען פאַראַן בעשטימטע פאָדערונגען און בעדינגונגען, וואָס נור לויט זיי לאָזט מען אַריין ניי־אָנגעקומענע מענשען און יעדער עמיגראַנט קאָן זיך עס דערוויסען קומענדיג צום מורשה אָדער אין קאָמיטעט.

קאָמיטעטען און מורשים פון דער יודישער קאָלאָניזאַציאָנס־געזעלשאַפט געפינען זיך אין אַלע בעדייטענדע שטעדט און אין עטליכע הונדערט קלענערע שטעדטליך. דאָס צענטראַל־ביוראָ געפינט זיך אין:

**פעטערבורג, אָפיצערסקי גאַס, № 60.**

# דער קאָנגרעס.

דער קאָנגרעס איז דער העכסטער און וויכטיגסטער אָרגאַן פון דער ציוניסטישער בעוועגונג. די קאָנגרעסען ווערען צונויפגערופען יעדע צוויי יאָהר און בעשטעהען פון די דעלעגאַטען, וועלכע די שקל־צאָהלער פון אַלע לענדער קלייבען אויס. דער קאָנגרעס פיהרט אַן אָפענע דיסקוסיע וועגען דער יודען־פראַגע, בעטראַכט און פערענטפערט די פּראָגראַם־פראַגען פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, הערט אויס און בעטראַכט די בעריכטען פון איהרע אָרגאַנען פאַר די פערגאַנגענע קאָנגרעס־צייט, אַרבייט אויס אַ פּלאַן פון טעטיגקייט און בעשטימט דעם ביודזשעט אויף דעם נאָהנטסטען קאָנגרעס־פעריאָד, קלייבט אויס די מיטגליעדער פון אַקציאָנס־קאָמיטעט. דער קאָנגרעס האָט די ווירקונג און די אויפזיכט אויף אַלע אינסטיטוציען פון דער פאַרטיי, ווייל פון קאָנגרעס הענגען אָב די וואַהלען פון אַלע מיטגליעדער פון קליינעם און גרויסען אַקציאָנס־קאָמיטעט, און פון די לעצטע ווערען דאָך אויסגעקליבען די מיטגליעדער פון אויפזיכטס־ראַט, פון די ציוניסטישע בענק און פון דעם דירעקטאָריום פון נאַציאָנאַל־פאָנד. דער ערשטער קאָנגרעס, וועלכער איז צונויפגערופען געוואָרען לויט דער איניציאַטיווע פון ד״ר הערצל, איז פאָרגעקומען אין באַזעל צום סוף אויגוסט פון 1897־טען יאָהר. אין באַזעל זענען אויך פאָרגעקומען דער 2־טער, 3־טער, 5־טער, 6־טער, 7־טער און איז בעשטימט אויף דער 10־טער קאָנגרעס. דער 4־טער קאָנגרעס איז פאָרגעקומען אין לאָנדאָן; דער 8־טער אין האַאַג, דער 9־טער — אין האַמבורג.

## דאָס באַזעלער פּראָגראַם,

די אָנערקענונג פון וועלכען איז דער תנאי פון אַריינטרעטען אין די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע, זאָגט:

„דער ציוניזם שטרעבט צו בעשאַפען פאַר דאָס יודישע פאָלק אַ עפענטליך רעכטליך־געזיכערטע היים אין פּאַלעסטינא. די מיטלען צו דערגרייכען דאָס דאָזיגע ציעל זענען פאָלגענדע: 1) אַ פּלאַנמעסיגע קאָלאָניזירונג פון פּאַלעסטינא דורך יודישע ערד־אַרבייטער, האַנדווערקער און הענדלער; 2) די אָרגאַניזאַציע און פעראייניגונג פון יודישען פאָלק דורך אָרטיגע און אַלגעמיינע איינריכטונגען, לויט די געזעצען פון יעדען לאַנד; 3) די פערשטאַרקונג פון דעם נאַציאָנאַלען געפיהל און פון דעם זעלבסט־

בעוואוסטזיין פון יודישען פאָלק; 4) פאַרבעררייטונגס־טריט צו בעקומען די איינוויליגונג פון די מלוכות, וואָס איז נויטיג צו דער דערגרייכונג פון דעם ציוניסטישען ענדעציעל".

## דער שקל (50 קאָפּ)

איז דער יעהרליכער אָבצאָהל צו דעקען די אויסגאַבען פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע. צאָהלען אַ שקל האָט רעכט און איז מחויב יעדער יוד, וואָס אָנערקענט דאָס באַזעלער פּראָגראַם. מיט דער צאָהלונג פון שקל ווערט דער „שקל־צאָהלער" אַ מיטגליעד פון דער אָרגאַניזאַציע און אָנהויבענדיג פון 18 יאָהר בעקומט ער אַקטיווען וואַהלרעכט צום קאָנגרעס און פון 24־טען יאָדר־עלטער אויך פּאַסיווען.

## I. די אַנשטאַלטען.

**1. דער קליינער אַקציאָנס־קאָמיטעט** איז דער צענטראַלער אָרגאַן פון דער אַלוועלטליכער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע. ער פיהרט אין נאָמען פון דער אָרגאַניזאַציע די פּאָליטיש־דיפּלאָמאַטישע ענינים, פיהרט אָן, דורך די מיטגליעדער פון גרויסען אַקציאָנס־קאָמיטעט אין יעדען לאַנד, מיט דער טעטיגקייט פון די בעזונדערע לאַנדס־מאַנשאַפטען און פעדעראַציעס און מיט דער הילף פון דער פּאַלעסטינער אָבטיילונג און דער פּאַליסטינער פערוואַלטונג (פּאַלעסטינא־אַמט) פיהרט ער אָן מיט דער פּראַקטישער ציוניסטישער אַרבייט אין פּאַלעסטינא. ביי הערצעלס לעבען האָט זיך דער קליינער א. ק. געפונען אין וויען בראש מיט הערצל'ן. איצט געפינט זיך דער קליינער א. ק. אין קעלן (דייטשלאַנד) און בעשטעהט פון פּרעזידענטען דוד וואָלפסאָן (קעלן) און צוויי מיט־גליעדער: פּראָפ. אָטאָ וואַרבורג (בערלין) און יאַקאָבוס קאַן (האַאַג). דער אַדרעס:

Zionistisches Zentralbureau Köln a/Rh Karolingerring,31

דער טעלעגראַם־אַדרעס איז: Köln Orghip.

דער אַדרעס פון פּאַלעסטינער אָבטיילונג איז:

Prof. Dr. O. Warburg, Berlin 15. Uhlandstr. 175.

די פּאַלעסטינער פערוואַלטונג (Palästinaamt) איז דער אָרגאַן פון קליינעם א. ק. אין יפו. זי עקזיסטירט פון יאָהר 1908, פערוואַלטעט מיט אַלע ערדערייען און אונטערנעהמונגען פון נאַציאָנאַל־פאָנד, מיט דעם הערצל־וואַלד, האָט די אויפזיכט איבער די

ווירטשאַפט פון בצלאל, פאַלעסטינער לאַנד-אַרבייט געזעלשאַפט, אינ-דוסטריע סינדיקאַט א. ד. ג. דער פערוואַלטער אין דר. אַרטור רופין.

אַדרעס: Dr. Artur Ruppin, Jaffa. Palästina.

**2. דער גרויסער אַקציאָנס-קאָמיטעט** בעשטעהט פון העכער 60 מיטגליעדער, וועלכע דער קאָנגרעס קלייבט אויס און וועלכע וואוינען אין פערשיעדענע לענדער און ערד-טיילען. אין דער צווישען-צייט פון איין קאָנגרעס און דעם אַנדערען רופט צונויף דער קלייגער א. ק. דעם גרויסען, אום צו בעטראַכטען די מעהר וויכטיגע פראַגען, וואָס וואַקסען אָן פאַר די צייט אין דער אָרגאַניזאַציע. אַזעלכע צוזאַמענפאָהרען קומען פאָר לויט דער נויטווענדיגקייט, אָבער ניט זעלטענער ווי איין מאָל אין יאָהר. פון צייט צו צייט טיילט מיט דער קליינער א. ק. דעם גרויסען וועגען זיין טעטיגקייט. דער גרויסער א. ק. בעשטימט אויף דעם אָרט און די צייט פון קאָנגרעס.

**3. די יודישע קאָלאָניאַל-באַנק** (Jewish Colonial Trust) איז דער פינאַנץ-אָרגאַן פון דער ציוניסטישער בעוועגונג. זי איז פער-רעגיסטרירט געוואָרען אין לאָנדאָן דעם 7/20 מערץ 1899 מיט אַ נאָמינאַלען גרונד-קאַפּיטאַל פון 2 מיליאָן פונט סטערלינג (20 מיליאָן רובל אונגעפעהר), וואָס איז צוטיילט אויף 2 מיליאָן אַקציעס צו 1 פונט סטערלינג יעדע. פון זיי איז צום ערשטען אַפּריל 1911 געווען איינגעצאָהלט 258.409 אַקציעס, אין דעם חשבון — די 100 גרינדונגס-אַקציעס, וואָס געפינען זיך ביי די קאָנגרעס-בעפאָלמעכטיגטע. די צאָהל אַקציאָנערען פון יודישער קאָלאָניאַל-באַנק איז העכער פון 135,000, און זיי געפינען זיך צווישען אַלע שיכטען פון יודישען פאָלק אין דער גאַנצער וועלט. די יודישע קאָלאָניאַל-באַנק איז איצט דער צענטר, אַרום וועלכען עס גרופירען זיך אַלע ציוניסטישע פינאַנץ- און קאָלאָניזאַציאָנס-מוסדים, און זי פערוואַלטעט מיט זייערע קאַפּיטאַלען, זי טהוט די אַר-בייטען פון אַ גרינדונגס-באַנק און זי איז דער הויפּט-אַקציאָנער פון דער אַנגלאָ-פאַלעסטינא-באַנק און דער אַנגלאָ-לעוואַנטין-באַנק, זי פערוואַל-טעט מיט די קאַפּיטאַלען פון נאַציאָנאַל-פאָנד און דער פאַלעסטינא-לאַנד-אַרבייט-געז., פון דער איילבוימשפענדע, קאָאָפּעראַטיווער געזעלשאַפט, היגיעניש אינסטיטוט און פון אַלע פאָנדען און אַנשטאַלטען. די פער-וואַלטונג פון דער יודישער קאָלאָניאַל-באַנק געפינט זיך אין די הענד פון אַ דירעקטאָריום, וואָס בעשטעהט פון 5 פערזאָן און אַן אויפ-זיכטס-ראַט, וואָס בעשטעהט פון די מיטגליעדער פון גרויסען א. ק. אין איצטיגען מאָמענט איז דער פּרעזידענט פון דירעקטאָריום דר. ג.

קאַצענעלסאָן, ליבוי, דער פּאָרזיצענדער פון אויפזיכטס־ראַט — דוד וואָלפס־כאָן (קעלן). די אַקציעס פון דער יודישער קאָלאָניאַל־באַנק קאָסטען: אַנ׳־אַקציע אויף אַ נאָמען 9 ר. 50 ק. און אַנ׳אַקציע אָהן אַ נאָמען 10 רובל 22 ק. ביז איצט האָט די יודישע קאָלאָניאַל־באַנק געגעבען דיווי־דענד אויף די קופּאָנעס 7—1, נעמליך: קופּאָן נו׳ 1—19 קאָפּ. נו׳ 3—31 ק. נו׳ 2, 4, 5, 6, און 7 — 23 קאָפּ. דער דיווידענד, וואָס איז ניט איינגענומען געוואָרען פון די אַקציאָנערען און וואָס בלייבט אַלס רעזערוו־קאַפּיטאַל פון באַנק, טרעפט אָן צום 1־טען אַפּריל 1911 אַ סומע פון 18.340 פונט סטערלינג (קרוב צו 175 טויזענד רובל).
אַדרעס: The Jewish Colonial Trust, Brook House Walbrok, London E. C פאַר טעלעגראַמען Jüdische, London. אין רוסלאַנד קאָן מען בעקומען אַלע אַקציעס פון די בענק ביי י. ל. גאָלדבערג, ווילנא.

**4. די אַנגלאָ־פּאַלעסטינער באַנק** האָט דאָס ציעל פינאַנ־ציעל צו העלפען אַלע סאָלידע אונטערנעהמונגען, וואָס געפינען זיך שוין אין פּאַלעסטינא און אויך די, וואָס ענטשטעהען דאָרט. די באַנק איז פעררעגיסטרירט אין לאָנדאָן דעם 12־טען מערץ 1902. דער נאָמינאַלער גרונד־קאַפּיטאַל איז 100.000 פונט סטערלינג (1.000.000 רובל אונ־געפעהר), צוטיילט אויף אַקציעס צו איין פונט סטערלינג יעדערע. פון זיי איז צום ערשטען יאַנואַר 1911 געווען איינגאַנצען בעצאָהלט 98,042. חוץ די געוועהנליכע קרעדיט־אָפּעראַציעס האָט נאָך די באַנק צו טהון מיט געבען פינאַנציעלע הילף איינצעלנע קאָלאָניסטען און גאַנ־צע קאָלאָניעס, אינדוסטריע־אונטערנעמונגען, פּלאַנצונגס־געזעל־שאַפטען; די באַנק איז אויך אַ פערמיטלער ביים קויפען ערד. אַ דאַנק דער מיטהילף פון דער אַנגלאָ־פּאַלעסטינער באַנק און דעם נאַציאָנאַל־פאָנד זענען ענטשטאַנען אין יפו און חיפה נייע יודישע קוואַרטאַלען (תל־אביב און הרצליה). אַ דאַנק דער אַנגלאָ־פּאַלעסטינער באַנק זענען אויך ענטשטאַנען די קרעדיט־געזעלשאַפטען אין פּאַלעסטינא. די פאָלגענדע ציפער גיבען אַ בעגריף וועגען דעם ענטוויקלונגס־גאַנג פון די אָפּעראַציעס, וואָס די אַנגלאָ־פּאַלעסטינער באַנק מאַכט:

די אַקטיווע אָפּעראַציעס פון א.־פּ. ב. אין יפו און אין די אָב־טיילונגען (ד. ה. וועקסעל־דיסקאָנט, הלואות א. אַז. וו.) האָבען אָנגע־טראָפען:

| | | |
|---|---|---|
| צום סוף פון יאָהר | 1903 | 243.190. פראַנק. |
| „ | 1904 | 1.119.240 „ |
| „ | 1905 | 1.815.600 „ |

| | | |
|---|---|---|
| צום סוף פון יאָהר 1906 | . . . . . . . | 3.772.760 פראַנק |
| " 1907 | . . . . . . . | 4.557.100 " |
| " 1908 | . . . . . . . | 4.496.060 " |
| " 1909 | . . . . . . . | 5.078.710 " |
| 1/VIII 1910 | . . . . . . . | 5.218.220 " |

ביז איצט האָט די אַנגלאָ־פּאַלעסטינער באַנק אַרויסגעגעבען פאָלגענדען די־
ווידענד אויף די קופּאָנעס 1—4: קופּאָן נו' 1—35 קאָפּ און נו' 4—2 צו
39 קאָפּ. די הויפּט־אָבטהיילונג פון דער אַנגלאָ־פּאַלעסטינער באַנק גע־
פינט זיך אין יפו. דער דירעקטאָר־פערוואַלטער איז ד. לעוואָנטין אין יפו. די
אָבטהיילונגען און אַגענטורען געפינען זיך אין ירושלים, ביירוט, חיפה, חברון
און צפת: אַדרעס: The Anglo-Palestine Company, (פאַר טע
לעגראַמען: Jaffa, Beyrouth, Jerusalem, (Anglobank.
Haifa, Hebron, Saffed.

**5. אַנגלאָ־לעוואַנטינער** באַנק געפינט זיך אין קאָנסטאַנ־
טינאָפּאָל. זי איז פערגעניסטרירט אין לאָנדאָן אין 1908. איהר גרינ־
דונגס־קאַפּיטאַל טרעפט אָן 25,000 פונט סטערלינג (אונגעפעהר אַ פער־
טיל מיליאָן רובל), צוטיילט אויף אַקציעס צו איין פונט סטערלינג
יעדערע. דריי פינפטעל פון די אַקציעס געהערען דער יודישער קאָלאָניאַל־
באַנק און צוויי פינפטעל — דער קאָנסטאַנטינאָפּאָלער באַנקיר־קאָנטאָר
פון מיטראַני און ק., פאַר דאָס יאָהר 1909 און 1910 האָט די באַנק
געצאָהלט צו 6 פראָצ. דיווידענד. איהר אַדרעס איז: The Anglo-
Lewantine Banking Company Constantinopole.

**6. דער יודישער נאַציאָנאַל־פאָנד** איז געגרינדעט געוואָ־
רען דעם 16/29 דעצעמבער 1901 לויט דעם באַשלוס פון 5־טען קאָנגרעס.
אין 1907־ען יאָהר איז ער פערגעניסטרירט געוואָרען אין ענגלאַנד אונטער
דעם נאָמען „קרן קימת לישראל“.

דאָס ציעל פון נאַציאָנאַל־פאָנד איז ערווערבען אין פּאַלעסטינא
און סיריען (אויך אויף דעם סיני־האַלבאינזעל) ערד, וואָס מיט דעם
אַליין ווערט זי אַנ'אייביגע איינענטום פון גאַנצען יודישען פאָלק.
די זאַמלונגען לטובת דעם נאַציאָנאַל־פאָנד ווערען געמאַכט דורך דעם,
וואָס מען פערקויפט ספּעציעלע מאַרקעס, וואָס קאָסטען 1—5 קאָפּ..
דורך פּושקעס, פּריוואַטע איינטראָגען, זעלבסטבעשטייערונג אין דורך
פערשרייבען אין גאָלדענעם בוך (דאָס קאָסט ניט ווייניגער פון 95 רובל)
אַ נאָמען, אַנשטאַלט, געשעהעניש, וועלכע מען וויל. עס קומען אויך

אָן בעדײַטענדע נדבות לויט צוואות. צום סוף פון יאָהר 1910 האָט דאָס פערמעגען פון נאַציאָנאַל־פאָנד דערגרייכט 1.134.483 ר. 31 ק. און איז בעשטאַנען אין פאָלגענדעם:

| | מאַרק | פפעניג |
|---|---|---|
| באַרעס געלד אין לאָנדאָן, אין יודישער קאָלאָניאַל־באַנק | 122.378 | 80 |
| „ קעלן . . . . . . . . | 9.550 | 81 |
| דעפּאָזיט אין אַנגלאָ־לעוואַנטין באַנק אין קאָנסטאַנטי־נאָפּאָל . . . . . . . . . . . | 35.437 | 50 |
| דעפּאָזיט אין אַנגלאָ־פּאַלעסטינאַ באַנק אין יפו . . | 114.998 | 82 |
| פּראָצענט־פּאַפּירען . . . . . . . . . | 875 303 | 95 |
| הלואה דעם אַנגלאָ־פּאַלעסטינאַ־באַנק אויף לאַנג־טער־מינינע קרעדיטען . . . . . . . . | 364.500 | — |
| הלואה דער פּאַלעסטינאַ־לאַנד־אַרבײַט־געזעלשאַפט . | 32.057 | 65 |
| הלואה דעם אָדעסער קאָמיטעט פאַר די קאָלאָניע פעדושא . . . . . . . . . . . | 15.759 | — |
| הלואה דעם יודישען אינסטיטוט פאַר טעכנישע ערציהונג (טעכניקום אין חיפה) . . . . . . | 81.000 | — |
| הלואה „בצלאל“ פאַר „בן שמן“ . . . . . . . | 16.457 | 55 |
| הלואה דער פירמע „כנרת“ . . . . . . . | 10.102 | 70 |
| ערד און בנינים אין פּאַלעסטינאַ . . . . . . | 523.299 | 33 |
| איילבוים־שפענדע . . . . . . . . . | 185.740 | 16 |
| דעביטאָרען . . . . . . . . . . . | 65.623 | 61 |
| אינווענטאַר . . . . . . . . . . . . | 8.887 | 34 |
| | 2.450.287 | 92 |

לויט דעם קורס 46,3 פאַר 1 מאַרק=1.134.483 ר. 31 ק.

די הכנסות פון נאַציאָנאַל־פאָנד שטייגען פון יאָהר צו יאָהר און דערגרייכען אין די לעצטע צוויי יאָהר איבער 200 טויזענד יעהרליך.

דער פּרעזידענט פון נאַציאָנאַל־פאָנד איז דר. מ. י. באָדענ־היימער אין קעלן.

דער אַדרעס פון דעם הויפּט־ביוראָ פון נאַציאָנאַלפאָנד איז:

Dr. M. J. Bodenheimer,

Köln a Rh Karolingerring 31. Orghip, : טעלעגראַפיש

## 7. די געזעלשאַפט „איילבוימשפענדע“ Oelbaumspende

איז אַ צוגאָב צום נאַציאָנאַל־פאָנד, זי האָט זיך געשטעלט פאַר אַ ציעל צו פלאַנצען אין פּאַלעסטינאַ אָליווען (און אַנדערע) וועלדער. די

אַיינפלאַנצען פון איין אָליװען־בּוים און דאָס אויסהאַלטען איהם בּיז װאַנען ער װעט בּרענגען פּרוֹפיט קאָסט קרוֹב צו 3 רובּל. די הכּנסה פון די װעלדער איז בּעשטימט אויף יודישע נאַציאָנאַל־קולטורעלע בּעדערפ־נישען אין פּאַלעסטינא. צום סוֹף 1910 האָט די אַלגעמיינע סומע זאַמלונגען דערגרייכט 257.615 מאַרק (119.266 רובּל). אַדאַנק די אַלגעמיינע סימפּאַטיעס װאַקסען די זאַמלונגען פון יאָהר צו יאָהר. דער ערשטער װאַלד (1110 בּוימער) איז פערפלאַנצט אין הדרה אויף דער ערד, װאָס י. ל. גאָלדבּערג האָט מנדב געװען דעם נאַציאָנאַל־פאָנד (אויף דעם מינ־סקער צוזאַמענפאָהר). דעם הערצל־װאַלד פלאַנצט מען אין הולדא (15.000 בּוימער). ער װערט פונאַנדערגעטיילט אויף װעלדער צו 1000 בּוימער יעדערער און יעדער װאַלד — אויף אַלעען צו 100 בּוימער. דעם צװייטען װאַלד פלאַנצט מען בּיי בּית־עריף נעבען לוד, אויך 15,000 בּוימער. דער אַדרעס איז דער זעלבּער, װאָס פון נאַציאָנאַל־פאָנד.

**8. דער אָדעסער פּאַלעסטינער קאָמיטעט** — דער אָרגאַן פון די „חובבי־ציון“ — איז די עלטסטע אַנשטאַלט פאַר די עקאָנאָמישע און גייסטיגע אויפלעבּונג פון פּאַלעסטינא. איהר טעטיגקייט אונטער דער אָנ־פיהרונג פון ד״ר פּינסקער האָט זיך נאָך אָנגעהויבּען אין מיטען פון די 80־ער יאָהרען פון פאָריגען יאָהר־הונדערט. פון 14־טען אַפּריל 1890 אַרבּייט דער קאָמיטעט לויט אַ בּעשטעטיגטען סטאַטוט. די הויפּט־אויפגאַבּע פון קאָמיטעט איז פּראַקטישע פּיעלױטיגע טעטיגקייט אין פּאַ־לעסטינא. צוגלייך מיט קויפען ערד פאַר די קאָלאָניעס, װאָס האָבּען זי װעניג, מיט איינאָרדנען לאַנדװירטשאַפטליכע אַרבּייטער, בּעשאַפען גינ־סטיגע בּעדינגונגען פין געגענזייטיגען קרעדיט א. אַז. װ. זאָרגט דער קאָ־מיטעט, דער עיקר, װעגען די קולטורעלע און געזעלשאַפטליכע בּעדערפ־נישען אין פּאַלעסטינא. די װיכטיגסטע אַנשטאַלט, װאָס איז בּעשאַפען גע־װאָרען און װערט אויסגעהאַלטען אויף די מיטלען פון אָדעסער קאָמיטעט איז די יפו׳ער פרויען־שול. ער סובּסידירט אויך (און גאַראַנטירט דעם בּיוד־זשעט) די יודישע גימנאַזיע אין יפו, שטיצט די לעהרער־אָרגאַניזאַציע אין פּאַלעסטינא, גיט אַרויס פיעל קאָלאָניעס און אַנשטאַלטען סובּסידיעס אויף געזעלשאַפטליכע און שול־בּעדערפנישען. אין די ערשטע צעהן יאָהר עק־זיסטענץ פון אָדעסער קאָמיטעט האָט ער געגעבּען מאַטעריעלע הילף כמעט אַלע קאָלאָניעס אין פּאַלעסטינא (דאָס סיסטעם פון תמיכה). בּ נ״ר שפּעטער, נאָך דער רעװיזיע פון אַחד־העם, האָט דער קאָמיטעט אויפגע־הערט צו געבּען תמיכה. דער אָדעסער קאָמיטעט האָט איינגעאָרדענט די קאָלאָניעס גדרה און קאַסטיניען, אין די לעצטע יאָהרען צװיי אַרבּייטער־

דערפלעך באר־יעקב און עין־גנים. דער קאמיטעט אסיגנירט בעדייטענדע סומען אויף געזעלשאפטליכע בעדערפעניסען אין די שטעדט און אין די קאלאניעס פון פאלעסטינא (מעדיצינישע הילף, שטייערען, די שמירה פון די גרעניצען, פאלקס־הייזער א. א.). בעזונדערס אויפמערקזאם בעטהייליגט זיך דער קאמיטעט מיט דער קולטורעלער און שול־טעטיגקייט אין פאלעסטינא. ער האלט אונטער און סובסידירט א גאנצע רייהע שולען און בילדונגס־קולטורעלע אנשטאלטען אין די שטעדט און אין די קאלאניעס (ביבליאטעקען, זשורנאלען, לעהרער־ארגאניזאציעס א. א.). דער קאמיטעט האלט אויס אנ׳אינפארמאציאנס־ביורא אין אדעס און שטיצט די אינפארמאציאנס־ביורא׳ען אין אנדערע פונקטען. אזוי ווי די עמיגראציע פון רוסלאנד קיין פאלעסטינא געהט, דער עיקר, דורך אדעס — האבען די ידיעות פון אדעסער אינפארמאציאנס־ביורא ביים קאמיטעט א בעזונדערן ווערט. דא ווערען געבראכט ידיעות פאר 6 יאהר:

| יאהר | עס האבען עמיגרירט קיין פאלעסטינא. | אין דער צאהל פרויען. | אין דער צאהל אלטע לייט. | לויט דער איינלאדונג פון קרובים, וואס וואוינען אין פאלעסטינא. | די צאהל פון שריפטליכע אנפראגען. |
|---|---|---|---|---|---|
| 1905 | 1230 | 533 | 190 | 177 | — |
| 1906 | 3450 | 1518 | 414 | 832 | 137 |
| 1907 | 1750 | 726 | 378 | 591 | 926 |
| 1908 | 2097 | 824 | 384 | 603 | 2256 |
| 1909 | 2459 | 997 | 525 | 741 | 3370 |
| 1910 | 1979 | 726 | 606 | 588 | 2210 |

חוץ אדעס געפינען זיך די פאלעסטינער אינפארמאציאנס־ביורא׳ען אין יפו, בירוט, היפה, ירושלים און קאנסטאנטינאפאל. די מיטלען פון קאמיטעט בעקומען זיך פון די מיטגליעדער־צאהלונגען (ניט ווייניגער פון 3 רובל יעהרליך), זאמלונגען פון נדבות ערב יום כפור (קערות) און סתם נדבות. דער אדרעס איז: Комитетъ О-ва вспомоществованія евреямъ земледѣльцамъ и ремесленникамъ въ Сиріи и Палестинѣ—Одесса, Овчиниковскій пер. 12.

**9. עזרה** — אנ׳אגודה אין דייטשלאנד צו שטיצען די יודען

ערד-אַרבּייטער אין פּאַלעסטינא. געגרינדעט אין 1884. פערנעהמט זיך מיט קליינקאָלאָניזאַציאָנער אַרבּייט אין אַ גאַנץ קנאַפּען מאָס. פאַר די גאַנצע 25 יאָהר פון איהר עקזיסטענץ האָט זי אַרויסגעגעבען הלואות אין סובּסידיעס אויף 113,404 מארק (52.500 ר'). „עזרה" האָט אַ קאָלאָניזאַציאָנס-פאָנד פון קרוב צו 90 טויזענד מאַרק.

**10. די פּאַלעסטינא לאַנדאַרבּייט-געזעלשאַפט** (The Palestine Land Development C-y L-ted) איז געגרינדעט געוואָרען אין 1909. איהרע אויפגאַבּען זענען:

1) די סיסטעמאַטישע צוגרייטונג און די שטופּענוויזע קאָלאָניזירונג פון די יודישע לאַנדווירטשאַפטליכע אַרבּייטער אין פּאַלעסטינא.

2) דער איינקויף, אויסבּעסערונג און צוטיילונג פון גרויסע חלקים ערד אין פּאַלעסטינא.

3) די איינפיהרונג פון עקסטענסיווע און אינטענסיווע קולטורען אין פּאַלעסטינא.

די קאָמפּאַניע האָט אָנגעהויבּען איהר פּראַקטישע אַרבּייט מיט איינאָרדנען אַ מוסטער-פערמע פון 650 דונאַם נעבּען דעם ים טבריה, אויף דער ערד כנרת, וואָס האָט געהערט דעם נאַציאָנאַל-פאָנד. אויף דער פערמע אַרבּייטען 40—50 אַרבּייטער אונטער דער אָנפיהרונג פון אַגראַנאָם. נעבּען דער פערמע כנרת גרופּירען זיך אַ גאַנצע רייהע דערפלעך. אַלס פאָרטזעצונג פון כנרת דינט די נהלה אומעלדזשון, וואָס ליגט אויף יענער זייט ירדן. דאָרט בּעאַרבּייטען (פון יאָהר 1910) צעהן אַרבּייטער אויף אַרטעל-יסודות אַ שטיק לאַנד פון 2000 דונאַם. די פּאַלעסטינא לאַנדאַרבּייט-געזעלשאַפט פערנעהמט זיך אויך מיט אָנפיהרען ווירטשאַפט אויפ'ן חשבון פון אַנדערע איינריכטונגען, אַזוי, צ. בּ., אָרדענט זי איין פאַר די דעסויער קהלה אַנ'אָליווען-פּלאַנטאַציע פון 100 דונאַם; פאַר די געזעלשאַפט „אחוזה" פון סען-לואי האָט זי ערהאַרבּען 3550 דונאַם ערד און אָרדנעט איין אַ פּלאַנטאַציע א. ד. ג. אויף דער פערמע איז איינגעשטעלט אַ קינסטליכע בּעוועסערונג פון דעם בּאָדען. דאָס וואַסער ווערט גענומען פון ים טבריה. 60 דונאַמען זענען בּעשטימט פאַר אַ פּראָגרעסיווער ווירטשאַפט. אַדאַנק דעם נאַציאָנאַל-פאָנד, וואָס האָט געגעבּען קרעדיט דער קאָמפּאַניע, האָט זי אין יאָהר 1911 צוגעטראָטען צו איהר הויפּט-אויפגאַבּע — צו פאַרצעלירען די ערד, ד. ה. צום איינקויפען גרויסע חלקים ערד, צו-פּאַסען זיי צו קאָלאָניזאַציע, איינטיילען זיי אויף בּעזונדערע ווירטשאַפט-חלקים — און איבּערקויפען זיי איינצעלנע פּערזאָנען. די פּאַלעס-

מינאַ־לאַנדאַרבייט־געזעלשאַפט האָט ערוואָרבען אין פולע, אין צענטר פון עמק ישראל 9600 דונאַם און פיהרט דורך אין לעבען דר. פראַנץ אָפּענהיימער'ס פּלאַן פון דער קאָאָפּעראַטיווער קאָלאָניע. דאָרט גרייט אויף די געזעלשאַפט צום פאַרצעליהרען 6600 דונאַם. אין פולע, ווייזט אויס, ווערט געשאַפען אַ נייער צענטר פון יודישער קאָלאָניזאַציע (ז. קאָלאָניע „מרחביה“).

די קאָמפּאַניע איז לעגאַליזירט אַלס אַן ענגלישע אַקציאָנערע געזעלשאַפט מיט אַ גרונד־קאַפּיטאַל פון 500 טויזענד ענגלישע פונט, צוטיילט אויף געוועהנליכע אַקציעס צו 1 פונט יעדערע (אויף אַ נאָמען 9 ר. 50 ק. און אָהן אַ נאָמען — 10 ר. 22 ק.) און גרינדונגס־אַקציעס צו 50 ענגלישע פונט (480 ר.), צום סוף יאָהר 1910 האָט די סומע פון די איינגעצאָהלטע אַקציעס דערגרייכט 10.136 פונט סטערל. (קרוב צו 96 טויזענד רובל).

דער בעפאָלמעכטיגטער פון דער געזעלשאַפט, פאַר רוסלאַנד איז ב. א. נאָלדבערג (Вильна, Александр. бульваръ № 18.)

## 11. די געגענזייטיגע קרעדיט־קאַסעס אין פאַלעסטינאַ

(קופות מלוה) זענען געגרינדעט געוואָרען אין 1904 ביי דער אַנגלאָ־פּאַלעסטינער באַנק לויט דער איניציאַטיוו פון ד. לעוואָנטין. די ערשטע צוויי זענען געגרינדעט געוואָרען אין פתח־תקוה; בישלעכווייז גרינדען זיי זיך אין אַלע קאָלאָניעס און שטעדט פון פּאַלעסטינאַ.

אין 1910 האָט זייער צאָהל דערגרייכט ביז 34 (אין די שטעדט 8 און אין די קאָלאָניעס — 26) מיט 1.485 מיטגליעדער. דער אַלגעמיינער סכום הלואות, וואָס די קופות האָבען אַרויסגעגעבען אין יאָהר 1910, דערגרייכט 605.006 פראַנק, אויסגעצאָהלט הלואות — 567.811 פראַנק. דער גרונד־קאַפּיטאַל פון די קאַסעס טרעפט אָן — 62.724 פר., דער חוב דער אַנגלאָ־פּאַלעסטינער באַנק — 437.376 פר. צוויי דריטעל הלואות האָבען גענומען די קאָלאָניסטען און די בעלי־בתים פון די בויערען, אונגעפעהר 150 טויזענד פר. האָבען געליהען די האַנדווערקער, קליינהענדלער און די אַרבייטער, די איבעריגע סומע איז בענוצט געוואָרען אויף די קאָאָפּעראַציעס, פערבעסערונג פון דעם באָדען א. א.

מיטהילף דער באַנק ביים גרינדען די דאָזיגע קרעדיט־געזעלשאַפטען האָבען געגעבען: דער אָדעסער פּאַלעסטינער קאָמיטעט — 50.000 פראַנק און יק"א — 37.000 פר.

**12. „בצלאל“** האָט דאָס ציעל איינפיהרען און ענטוויקלען אין

פּאַלעסטינא די הויז־און קונסט־אינדוסטריע. די שול „בצלאל“ איז געעפּענט געוואָרען אין ירושלים אין יאָהר 1906 און האָט איצט פאָלגענדע אָבטהיילונגען:

1. קונסט־אָבטהיילונג: מאַלעריי, סקולפּטור, דעקאָראַטיווע קונסט און צייכנען; 2. טעפּיכען־אָבטהיילונג: וואָל און זיידענס. ביי דער דאָזיגער אָבטהיילונג געפינט זיך נאָך אַ פאַרבעריי־אָבטהיילונג, וואו די טעפּיכען ווערען געפאַרבען מיט געוויקס־פאַרבען; 3. שניצעריי: אויף האָלץ, שטיין און העלפאַנד־ביין; 4. זילבער: פילינגראַן און שמיד־זילבער; 5. קופּער: דמשק׳ער און שמיעד־קופּער; 6. געפלאָכטענע מעבעל; 7. אינקרוסטאַציע (קינסטלערישע בעצירונגען) אויף אָליווען־האָלץ; 8. שפּיצען־אָבטהיילונג: זיידענס און באַוועל. 9. ליטאָגראַפיע: טיפּען, בילדער און בריעף־קאַרטען; 10. רעמלעך מיט בעצירונגען.

ביי „בצלאל“ געפינען זיך אָווענד־קורסען פאַר צייכנען, פאָטאָגראַפישע און פערשיעדענע אַנדערע ווערקשטאַטען, אויך אַנ׳אָרקעסטר, כאָר, ליעבהאָבער־טעאַטער, אַ פעראיין פאַר גימנאַסטיק און פערשיעדענע ספּאָרט־שפּיעלען און אַנ׳אייגענע גאָרקיך.

די צאָהל פון די אַרבייטענדע ביי דער שול „בצלאל“ דערגרייכט 350, פון וועלכע מעהר ווי 70 זענען בעווייבטע.

אויסשטעלונגען פון די „בצלאל“־אויסאַרבייטונגען זענען אין יאָהר 1909 איינגעאָרדענט געוואָרען אין 25 שטעדט, רעכענדיג אויך האַמבורג אין דער צייט פון קאָנגרעס. אין רוסלאַנד איז די ערשטע אויסשטעלונג פון „בצלאל“ איינגעאָרדענט געוואָרען אין וואַרשוי, און די צווייטע — אין אָדעס (ביי דער מיטווירקונג פון אָדעסער פּאַלעסטינער קאָמיטעט) אויף דער לאַנדווירטשאַפטליכער און אינדוסטריעלער אויסשטעלונג אין יאָהר 1911.

היינטיגען יאָהר האָט „בצלאל“ געמאַכט דעם ערשטען נסיון צו גרינדען אַג׳אַזוי אָנגערופענע „גאַרטענשטאָדט“ אויף דער ערד פון נאַציאָנאַל־פאָנד ביי דעם הערצל־וואַלד אין בן־שמן. דאָרט האָבען זיך דערווייל בעזעצט 12 פאַמיליעס, וואָס פערנעהמען זיך מיט בעאַרבייטונג פון זילבער. דערביי האָט יעדע פאַמיליע בעקומען אַ הייזעל און אַ גערטענדעל און אַרבייט אין ווערקשטאַט, וואָס „בצלאל“ האָט איינגעאָרדענט. די „גאַרטענשטאָדט“ איז אויסגערעכענט אויף 100 פאַמיליעס און וועט ביסלעכווייז בעזעצט ווערען.

דער בודזשעט (אין יאָהר 1910 — 90 טויזענד מאַרק) פון

„בצלאל“ שטעלט זיך צונויף פון די מיטגליעדער־אָבצאָהלונגען (ניט וועניגער פון 2 רובל יעהרליך), נדבות און דעם פדיון פאַר די אויסאַרבייטונגען. די בנינים פאַר די שול אין דער „גאָרטענשטאָדט“ זענען אויסגעבויט געוואָרען אויף די מיטלען פון נאַציאָנאַל־פאָנד. אַדרעס:

„Bezalel“. Berlin W. 15 Bleibtreustr. 34-35

דער אַדרעס פון דער שול: „Bezalel“. Jerusalem, Palästina

**13. „בית־נאמן“ (נאַציאָנאַל־יודישע ביבליאָטעק אין ירושלים).** געגרינדעט געוואָרען אין 1892. אין 1895 איז אָנגעקומען די ערשטע בעדייטענדע קאָלעקציע ביכער, וועלכע עס האָט איבערגעלאָזען דער פערשטאָרבענער יודישער פאָעט י. ל. גאָרדאָן. פון 1896 האָט דער דר. האַזאַנאָוויטש פון ביאַליסטאָק זיך אינגאַנצען אָבגעגעבען דער ביכער־זאַמלונג פאַר דעם „בית־נאמן“. איצט האָט די ביבליאָטעק העכער פון 20,000 עקז. אויף העברעאיש, יודיש, רוסיש, ענגליש, פראַנצויזיש איטאַליעניש, לאַטייניש און אַראַביש. דאָס הויז פאַר די ביבליאָטעק איז אויסגעבויט מיט דער הילף פון אַנ׳הלואה, וועלכע מען האָט בעקומען פון דעם מאָנטעפיאָרע־אינסטיטוט אין לאָנדאָן. מיט דער ביבליאָטעק פערוואַלטעט דער קאָמיטעט פון דער ירושלים׳ער לאָזשע „בני־ברית“. דער אַדרעס איז:

Jüdische Zentralbibliotek Jerusalem Palästina.

**14. די העברעאישע גימנאַזיע** אין יפו איז געגרינדעט געוואָרען אין 1906 דורך דעם דר. מעטמאַן־כהן. בשעת זי האָט זיך געעפענט האָט זי געהאַט 48 תלמידים. די בעדייטונג פון דער דאָזיגער נייער אַנשטאַלט איז אין גיכען אָנערקענט געוואָרען און אין יפו האָט זיך געגרינדעט אַ „געזעלשאַפט פון דער העברעאישער גימנאַזיע“ אויף אַקציעס (צו 100 ר. אַנ׳אַקציע), אין רשות פון וועלכער דר. מעטמאַן האָט איבערגעגעבען די גימנאַזיע.

דאָס ציעל פון דער גימנאַזיע איז צו געבען די תלמידים צוזאַמען מיט אַ יודיש־נאַציאָנאַלער ערציהונג אַ מיטעלע בילדונג אין צוגרייטען זיי צום אוניווערזיטעט אָדער פאָליטעכניקום. די למודים טיילען זיך אויף דריי קורסען: א) אַ 3־יאָהריגער צוגרייטונגס־קורס, ב) אַ פינפיאָהריגער מיטעלער און ג) אַ 3 מיט אַ האַלב־יאָהריגער העכערער. אויף דעם צוגרייטונגס־קורס ווערען אָנגענומען קינדער ניט יונגער פון 6 יאָהר, אויף דעם מיטעלען — ניט יונגער פון ניין און ניט עלטער פון צוועלף יאָהר. דער שכר־למוד איז, לויט דעם קורס, 60, 80 און 120 פראַנק אַ יאָהר.

דער איפוזיכטס־ראַט פיהרט אַלע אויסערע ענינים פון דער גימ־

נאַזיע, און דער פּעדאַגאָגישער ראַט — איהרע אינערע ענינים. די לעה־רער צוזאַמען מיט די בײדע ראַטען קלײבען אויס די דירעקציע פון דער גימנאַזיע.

צום אָנהויב 1911 זענען געװען געעפענט 3 צוגרײטונגס־קלאַסען און 6 גרונד־קלאַסען. די צאָהל תלמידים דערגרייכט 243 (יונגלעך און מײדלעך) פון יפו און די קאָלאָניעס און אויך פון רוסלאַנד, אַפריקא, אַר־גענטינא, ענגלאַנד און רומעניען. לעהרער זענען פאַרהאַן 17. דער ביודזשעט אין 1910 האָט דערגרייכט קרוב צו 40.000 פראַנק. די הכנסה פון שכר־למוד דעקט נאָך װעניגער פון אַ העלפט ביודזשעט; די גרעסערע העלפט װערט געדעקט דורך דעם אָדעסער פּאַלעסטינער קאָמיטעט, ציוניסטישען א. ק. פערשידענע נדבות און טײלװײז פון די פּראָצענטען פון גרונד־קאַפּיטאַל.

אין דעם נײַעם יודישען קװאַרטאַל „תל אָביב" איז פאַר־צװײ־יאָהרען אויסגעבויט געװאָרען פאַר די גימנאַזיע אַ שענעס הויז אויף די מיטלען, װאָס יעקב מאָזער פון בראַדפאָרט האָט מנדב געװען (99,500 פראַנק) און אויף די מיטלען פון נאַציאָנאַל־פאָנד (30 טױזענד פראַנק). אַדרעס:

Gymnasie Ibrith Jaffa (Palestine).

**15. תחכמוני** (העברעאישע מיטעל־שולע), געגרינדעט אין 1905 אויף פּריװאַטע מיטלען פון אײניגע יפו'ער סוחרים. אין יאָהר 1908 איז זי אַריבער אין רשות פון פראַנקפורטער מזרחיסטען־קאָמיטעט. תחכמוני האָט דאָס ציעל צו געבען גלײכצײטיג מיט דער אַלגעמײנער בילדונג פון אַ מיטעל־שולע די גרינדליכע קענטניש פון דער יודישער אַלטער און מיטעלאַלטערליכער רעליגיעזער ליטעראַטור (משנה, תלמוד און הלכה) און אַ שטרענגע רעליגיעזע ערציהונג אין אָרטאָדאָקסאַלען זין. די למוד־שפּראַך איז העברעאיש. אין דער שולע װערט אויך געלערנט אַראַביש און פראַנצויזיש, װי אויך צײכנען, גימנאַסטיק און זינגען. שילער זענען אין יאָהר 1910 געװען — 192. דער ביודזשעט פון דער שולע איז 20 טױזענד מאַרק. דער אַדרעס פון קאָמיטעט איז:

Dr. Jacob Feuchtwander, Frankfurt a/M.
Friedberger Anlage 3.

**16. די יפו'ער פרויען־שול** איז די ערשטע נאַציאָנאַל־יודי־שע ערציהונגס־אַנשטאַלט אין פּאַלעסטינא פון דעם נײַעם טיפּ. זי װערט אויסגעהאַלטען און אָנגעפיהרט דורך דעם אָדעסער פּאַלעסטינער קאָמי־טעט. זי איז געגרינדעט געװאָרען אין יאָהר 1893. אין 1894 איז די צאָהל תלמידות געװען 115, איצט — 400, פון 6 ביז 16 יאָהר: 80

פּראָצ. אַשכּנזיות, 20 פּראָצ. ספרדיות, תּמניער א. אנד. די שול האָט 7 קלאַסען (א 8-יאָהריגער קורס) און 2 פּאַראַלעל-קלאַסען צו די ערשטע צוויי. די שול שטרעבט צו געבען איהרע תּלמידות ערציהונג און בילדונג אויף העברעאיש אין דעם מאָס, ווי עס גיבען דאָס די מוסטער-שולען פון צווייטען גראַד (Secundärschulen)-דער רוסישער שטעדטישער שול. די למוד-שפּראַך פאַר אַלע למודים (אויסער די שטונדען פון פראַנצויזיש) איז העברעאיש. דער לעהרער-פּערסאָנאַל איז פאָלגענדער: דער פערוואַלטער, 8 לעהרער (אין דעם חשבון לעהרער פון זינגען, צייכנען און גימנאַסטיק) און 4 לעהרערינס (אין דעם חשבון איין לעהרערין פון צושניידען און נייהען און איין לעהרערין פון שטריקען און אויסנייהען). ניט לאַנג איז אויפגעבויט געוואָרען אַ ספּעציעלער בנין פאַר דער שול, וואָס האָט געקאָסט אונגעפעהר 110.000 פראַנק, פון וועלכע קרוב צו 80.000 פר. האָט מנדב געוועזען י. מ. פּיינבערג פון אירקוטסק. און די איבעריגע סומע ווי אויך געהילף צום בויען האָט געגעבען דער אָדעסער פּאַלעסטינער קאָמיטעט.

**17. די לעהרער אָרגאַניזאַציע** אין פּאַלעסטינא איז געגרינדעט געוואָרען אין 1903 דורך מ. מ. אוסישקינ'ען, וועלכער איז דאַן געווען אין פּאַלעסטינא. די ציעלען פון דער אָרגאַניזאַציע זענען: א) פערבעסערן די יודישע ערציהונג אין פּאַלעסטינא און איינשטעלען אַנ'איינמיגינען כאַראַקטער פון ערציהונג, ב) אויפלעבען די העברעאישע שפּראַך און דעם יודישען גייסט אין די שולען, ג) פערבעסערן די לאַגע פון די פּאַלעסטינער לעהרער.

דער מיטגליעדס-אָבצאָהל איז 5 פראַנק אַ יאָהר. די אָרגאַניזאַציע האָט 5 ראַיאָנס-קאָמיטעטען (אין יפו, ירושלים, זכרון, טבריה און צפת), וואָס זיי פערייניגט אַ צענטראַלער קאָמיטעט, וועלכע געפינט זיך אין יפו. די אָרגאַניזאַציע בעקומט סובסידיע פון אָדעסער פּאַלעסטינער קאָמיטעט. ביז דער לעצטער צייט זענען די מעהרהייט לעהרער (אויסער די לעהרער, וואָס אַרבייטען אין די שולען פון דער „אַליאַנס") אַריינגעטראָטען אין אָרגאַניזאַציע אַלס מיטגליעדער.

די לעהרער-אָרגאַניזאַציע רופט צונויף פּעריאָדיש צוזאַמענקאָמען פון די פּאַלעסטינער לעהרער, פערנעהמט זיך מיט דער צונויפשטעלונג פון מוסטער-פּראָגראַמען פאַר די פּאַלעסטינער קאָלאָניאַלע און שטעדטישע שולען, מיט דער איינאָרדנונג פון קאָנטראָל-עקזאַמענס פאַר די נייע לעהרער, וואָס קומען אָן, מיט דער בעזיכטיגונג פון די שולען א. ד. גל.

דער צענטראַלער קאָמיטעט פון דער לעהרער-אָרגאַניזאַציע האָט

פריהער אַרויסגעגעבען געדרוקטע צירקולאַרען, און פון 1910־טען יאָהר אָן גיט ער אַרויס אַ פעדאַגאָגישען זשורנאַל „התינוק“, אין וועלכען עס ווערען אַלזייטיג בעאַרבייט די פראַגען פון דער יודישער ערציהונג אין פאַלעס־טינא און אין גלות.

די לעהרער־אָרגאַניזאַציע האָט אויך געגרינדעט דעם פערלאַג „קהלת“, וואָס האָט זיך געשטעלט פאַר אַ ציעל אַרויסצוגעבען די נויטיגע לעהרביכער אויף העברעאיש, אויך ביכלעך צום לייענען פאַר די יוגענד. אַדרעס:

I. Oserkowsky, Jaffa, Palästina.

**18. „הפועל־הצעיר“** — אַן אַרבייטער־אָרגאַניזאַציע אין פאַלעס־טינא. ענטשטאַנען אין 1906. די הויפטציעלען פון דער אָרגאַניזאַציע זיינען פאָלגענדע: 1) זעלבסטהילף און קאָנצענטרירונג פון ווי מעגליך מעהר אַרבייטס־פאַכען אין פאַלעסטינא אין די הענד פון די יודישע אַרבייטער און 2) די פערטיעפונג פון דעם נאַציאָנאַל־ציוניסטישען זעלבסטבעוואוסט־זיין פון די יודישע אַרבייטער. די אָרגאַניזאַציע גיט אַרויס פון 1907 אַ צוויי־וועכענטליכען העברעאישען אָרגאַן אונטער דעם זעלבען נאָמען. דער פרייז פון אָרגאַן פאַר רוסלאַנד איז 2 ר. 50 ק. אַ יאָהר. אַדרעס:

„Hapoel Hazoir“ Jaffa, Palästina.

**19. יודישער פרויען־פעראיין פאַר קולטורעלע אַר־בייט אין פאַלעסטינאַ** איז געגרינדעט אין יאָהר 1908. דאָס ציעל פון פעראיין איז גרינדען אין פאַלעסטינא אַנשטאַלטען, וואָס זאָלען פער־בעסערען די סאָציאַלע לאַגע פון פאַלעסטינער יודענטום, דער עיקר, פון זיינע פרויען און קינדער. פאַר דעם קורצען משך צייט פון זיין עקזיסטירען האַלט שוין דער פערבאַנד אויס זעהר גוט־צוגעריכטע באַרמהערציגע שוועס־טער ביי דעם יפוער קראַנקענהויז, אָרדנעט איין אַ יודישען שפיטאָל אין חיפה, האַלט אויס צוויי ווערקשטאַטען פון שפיצען (איינעם אין יפו — 30 תלמידות, אַ צווייטען אין ירושלים ביי „בצלאל“ — 35 תלמידות). דער בודזשעט פון פעראיין (יאָהר 1910) טרעפט אָן 16.076 מאַרק. מיטגליעדס־אָבצאָהל — דריי מאַרק (1 ר. 50 ק.) אַ יאָהר. די וואָס צאָהלען איין הונדערט מאַרק (46 ר. 50 ק.) ווערען גערעכענט פאַר מיטגליעדער זייער גאַנצע לעבענס־צייט. אַדרעס:

Rosa Hirsch Berlin N. W. Flensburgerstr. 12

**20. געזעלשאַפט צו ערפאָרשען פאַלעסטינאַ,** געגרינ־דעט אין אָקטאָבער 1910, אין בערלין. איהר ציעל איז ערלערנען פאַלעסטינא וויסענשאַפטליך, דער עיקר אין די געביעטען פון אַנטראָפאָלאָגיע, עט־

נאָלאָגיע, זאָאָלאָגיע, מעטעאָראָלאָגיע און געאָלאָגיע, אויך היסטאָריש און אַרכעאָלאָגיש. דאָס איז די ערשטע יודישע געזעלשאַפט פון וויסענשאַפט־ליכער פּאַלעסטינא־פאָרשונג. בּראש פון דער געזעלשאַפט געפינען זיך בּעהאוסטע בּערלינער יודישע פּראָפעסאָרען. מיטגליעד'ס־אָבּצאָהל — 30 מאַרק און 10 מאַרק. אַדרעס:

Dr. J. Ginsberg. Berlin—Karlsbad, 7.

**21. קאָאָפּעראַטיווע געזעלשאַפט.** די אידעע פון בּעשאַפען אַ „קאָאָפּעראַטיווע קאָלאָניע" וועלכע איז פאָרגעלעגט געוואָרען פון פּראָפ׳ אָפּענהיימער'ן נאָך אויף דעם זעקסטען קאָנגרעס, איז נאָהנט פערווירקליכט צו ווערען. אויף דעם האַמבּורגער קאָנגרעס איז אָנגענומען געוואָרען אַ בּעשלוס אַריינצונעהמען די גרינדונג פון דער קאָאָפּעראַטיווער קאָלאָניע אין דעם סכום אַרבּייטען פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע. דער נאַציאָ־נאַל־פאָנד גיט אָב אויף 98 יאָהר אין אַרענדע דעם נויטיגען חלק ערד. צום בּעשאַפען דעם אומזאַץ־קאַפּיטאַל ווערט געגרינדעט אַ קאָאָפּעראַטיווע גע־זעלשאַפט (ווידלונגסגענאָסענשאַפט). צום אָנהויב מאַי 1911 איז צו־נויפגעקליבען געוואָרען 122 טויזענד מאַרק.

די גרונד־אידעע פון דער קאָאָפּעראַטיווער קאָלאָניע איז פאָל־גענדע: ווען אַנ'אַרבּייטער פּראָדוקציאָנס־געזעלשאַפט וועט בּעאַרבּייטען און פערוואַלטען מיט אַ גרעסערער ווירטשאַפט, וועט דורך דעם דערגרייכט ווערען די פעראייניגונג פון אַלע פּאָזיטיווע זייטען, וואָס עס פערמאָגען אַ קאַפּיטאַליסטישע און אַ בּויערשע ווירטשאַפט, און עס וועלען אויסגעמיידט ווערען די נעגאַטיווע זייטען פון די דאָזיגע ווירטשאַפטס־פאָרמען; דורך דעם וועט אויך דערגרייכט ווערען דער סיסטעמאַטישער און שטופּענווייזער איבּערגאַנג פון אַ גרעסערער ווירטשאַפט, וואָס ווערט אָנגעפיהרט פון אַנ'אַדמיניסטראַטאָר און געדונגענע אַרבּייטער, צו אַ פאָלשטענדיגער קאָאָפּעראַ־טיווער ווירטשאַפט, און דערבּיי וועט אָבּגעהיט ווערען די פאָלשטענדיגע פעראינטערעסירטהייט פון יעדען מיטגליעד אין די רעזולטאַטען פון זיין אַרבּייט. די פּרטים פון דער קאָאָפּער. קאָל. האָט אָפּענהיימער ער־קלערט אין אַ גאַנצער ריהע רעפעראַטען. די טעאָריע פון דעם דאָזיגען אין העכסטען גראַד וויכטיגען סאָציאַלען נסיון האָט אָפּענהיימער ענט־וויקעלט אין זיינע צוויי וויסענשאַפטליכע אַרבּייטען „גרויסגרונדאייגענ־טום און די סאָציאַלע פראַגע" און „די ווידלונגס־גענאָסענשאַפט".

**22. „כרמל"** — אַ ריהע קאָמאַנדיט־געזעלשאַפטען, וואָס זענען געגרינדעט געוואָרען מיט דעם ציעל צו פערקויפען דעם ווין, וואָס ווערט אויסגעאַרבּייט אין די יודישע קאָלאָניעס אין פּאַלעסטינא. דער ערשטער, אַזוי אָנגערופענער „רוסישער כרמל", איז געגרינדעט און פערערגיסטרירט געוואָרען אין וואַרשוי אין 1896. אַנ'אַקציע קאָסט 500 ר. פאַר די יאָהרען

איז געגעבען געוואָרען דיווידענד צו 50 ר' אויף יעדע 1908—1909 אַקציע. דער אַדרעס איז:

Т-во „Кармелъ“. Варшава (ул. Налевки) или Одесса (Ришельевская ул.).

דער אַמעריקאַנער „כרמל“ איז געגרינדעט געוואָרען אין 1906 אויף אַלס אַ קאָמאַנדיט-געזעלשאַפט אין ווארשוי. אַנ'אַקציע קאָסט 100 רובל. ער טראָגט דעם נאָמען „Carmel Wine C.-“ און האָט ווײַן-קעלערס אין ניו-יאָרק (צוויי), ברוקלין, טשיקאַגאָ און באַלטימאָר.

אַדרעס: New-Jork, 309 E 22 ndest.

דער מזרח „כרמל“ (Société Carmel Oriental) דינט פאַר טערקײַ און מצרים און האָט ווײַן-קעלערס אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל, ירושלים, יפו, חיפה, ביירוט, אלכסנדריה, קאַאיר און פּאָרטסאיד. דער אַדרעס:

Société Carmel Oriental, Rischon prés Jaffa, Palestine.

אין דײַטשלאַנד פערנעהמען זיך מיט'ן פערקויף פון די פּאַלעסטינער ווײַנען צוויי געזעלשאַפטען: „אליאדא“ אין האַמבורג און „אימפּאָרט געזעלשאַפט“ אין בערלין Eliada Hamburg Hoppensack,

אין ענגלאַנד אַרבײַט: The Palestine Wine et Trgd C-o Ltd, London 11, Bewis Marks.

אין פראַנקרײַך אַרבײַט די געזעלשאַפט:

„Vins de Palestine“, Paris, B-d de la Chapelle.

**23.** „גאולה“ פערנעהמט זיך מיט אײַנקויפען און איבערקויפען ערד-חלקים אין פּאַלעסטינאַ. זי איז געגרינדעט געוואָרען אין 1902 און פערערעגיסטרירט אַלס אַ קאָמאַנדיט-געזעלשאַפט אין ווארשוי אין 1904. דער נאָמינאַלער גרונד-קאַפּיטאַל איז 100 טויזענד רובל, צוטיילט אויף 1,000 אַקציעס צו 100 ר' יעדערע, פון וועלכע 530 זענען אינגאַנצען אײַנגעצאָהלט. פאַר דאָס יאָהר 1908 האָט „גאולה“ געגעבען 3 פּראָצ. דיווידענד. אַדרעס:

Товарищество „Геула“, Одесса.

**24.** „אגודת נטעים“ איז געגרינדעט אין פּאַלעסטינאַ אין יאָהר 1905. אין יאָהר 1910 האָט די געזעלשאַפט בעקומען אַ פירמאַן און איז לעגאַליזירט געוואָרען אונטער דעם נאָמען „אָטאָמאַנישע געזעלשאַפט פון האַנדעל, ערדאַרבייט און אינדוסטריע“. דאָס ציעל פון דער געזעלשאַפט איז אײַנאָרדנען פערשיעדענע פּלאַנטאַציעס אין פּאַלעסטינאַ און געבען די מעגליכקײַט די פּערזאָנען, וואָס ווילען זיך בעזעצען אין פּאַלעסטינאַ אַלס קאָלאָניסטען, צו ערווערבען פּאַרטיגע בעאַר-

ביטע ווירטשאַפטען, אויך איינאָרדנען און פערוואַלטען מיט די ווירט־שאַפטען פון די איינענטימער, וואָס וואוינען אויסער פאַלעסטינאַ.

די געזעלשאַפט האָט אַרויסגעגעבען 100 סעריעס אַקציעס צו 500 טערקישע פונט (אונגעפעהר 4370 רובל) יעדערע, יעהרליך אויסצוצאָה־לען צו 50 טערקישע פונט אין אַ משך פון 10 יאָהר. ביז דער ענדע פון יאָהר 1910 זענען פערקויפט געוואָרען 51 סעריעס, פון זיי 23 אין פאַלעסטינאַ גופא און 28 אויסער פאַלעסטינאַ. ביז איצט האָבען די אַקציאָנערען איינגעצאָהלט 76 טויזענד רובל.

די געזעלשאַפט האָט אייגענע ערד: נעבען קסריה — 2285 דונאַם, נעבען הדרה — 650 דונאַם, נעבען רחובות — 900 דונאַם, בסך־הכל — 3835 דונאַם. אין דעם השבון — 225 דונאַם אַפּעלסין־פּלאַנטאַ־ציעס, 385 ד' אָליווען און 300 ד' מאַנדלען. די געזעלשאַפט האָט איינגעאָרדענט אויף דעם חשבון פון איהרע קליענטען 425 אַפּעלסין־דונאַמען, 795 ד' פערשידענע אַנדערע פלאַנטאַציעס, בסך־הכל אויף אַ סומע פון 450 טויזענד פראַנק.

אַדרעס: Société ottomane de Commerce, Agriculture et Industrie. Jaffa. Poste Autruche, 26.

## 25. קאָאָפּעראַטיווע וויין־אויסאַרבייטונג געזעלשאַפט.

אין יאָהר 1906 האָט זיך געגרינדעט אַ געזעלשאַפט פון די קאָלאָניס־טען, וואָס האָבען וויינגערטנער אין די קאָלאָניעס ראשון־לציון, רחובות, גדרה, פתח תקוה, ועדי הנין און זכרון יעקב. די געזעלשאַפט האָט איבער־גענומען די פערוואַלטונג איבער ראָטשילד'ס וויינקעלערס אין ראשון לציון און זכרון יעקב. הוץ די קעלערס האָט די געזעלשאַפט נאָך בעקומען פון ראָטשילד'ס אַדמיניסטראַציע אַ סובסידיע פון 1.600.000 פראַנק, וואָס האָט געדיענט אַלס פאָנד צו בעדעקען דעם דעפיציט אין משך פון די ערשטע יאָהרען. ערשט אין יאָהר 1910 איז די געזעל־שאַפט געוואָרען זעלבסטשטענדיג און קאָן זיך בעגעהן אָהן סובסידיעס.— דער דירעקטאָר פון דער געזעלשאַפט איז ש. גלוסקין, דער גרינדער פון וואַרשויער „כרמל". איהם האָט זיך איינגעגעבען צו פערקלענערען די קאָסטען פון דער וויין־אויסאַרבייטונג אויף 3 פראַנק פון אַ קאָנטאַר (2½ פוד) און פערגרעסערען דעם דורכשניטליכען פרייז אויף 4 פראַנק. די איינענטימער פון די וויינגערטנער בעקומען איצט, אויף אַזאַ אופן, דעם פאַקטישען פרייז, וואָס שטימט איין מיט דעם פרייז אויף וויינטרויבען

אױפ'ן מאַרק — אוּן דעֶר פּעֶריאָד פוּן די פילאַנטראָפּישעֶ סובּסידיעֶס איז שוֹין אַװעֶק אוּבּ ניט אומצוקעֶהרעֶן זיך. אַדרעֶס:

Société cooperative de vignerons de grandes caves Rischon Lezion et Zichron, Jaffa.

**26. דער פּאַלעסטינער אינדוסטריע־סינדיקאַט** איז געֶגרינדעֶט געֶװאָרעֶן אין 1907 אין בעֶרלין מיט אַ גרונד־קאַפּיטאַל פון 100 טױזעֶנד מאַרק, צוטײלטעֶ אױף 100 אַקציעֶס צו 1,000 מאַרק יעֶ־דעֶרעֶ, דעֶר סינדיקאַט האָט זיך געֶשטעֶלט אַ ציעל צונױפקלײַבּעֶן דעֶם אינפאָרמאַטיװעֶן מאַטעֶריאַל, אױסאַרבּײַטעֶן פּראָיעֶקטעֶן, בּעֶקומעֶן קאָנצעֶ־סיעֶס, גרינדעֶן און געֶבּעֶן די עֶרשטעֶ פינאַנץ־הילף די אינ־דוסטריעֶלעֶ און אַנדעֶרעֶ װירטשאַפטליכעֶ אונטעֶרנעֶהמונגעֶן אין פּאַלעֶ־סטינאַ.

די טעֶטיגקײַט פון סינדיקאַט אין יאָהר 1909 איז בּעֶשטאַנעֶן אין דעֶם, װאָס עֶר האָט געֶנומעֶן אָנטײל אין אַ פאַבּריק פון דאַמבּעֶלקעֶס און ציעגעֶל אין יפו, האָט אַרגאַניזירט הײסעֶ שװעֶבּעֶל־קװאַלעֶן אין טבריה און האָט געֶגרינדעֶט אַ כעֶמישעֶן צוגרײטונגס־סינדיקאַט צו פּראָ־דוצירעֶן גוטעֶ בּוימעֶל פאַר הױז־געֶבּרױך און צו פאַבּריצירעֶן עֶסיג־עֶהלעֶן. די גרונד־אױפגאַבּעֶ פון סינדיקאַט — עֶרװעֶרבּעֶן און פעֶר־װירקליכעֶן די אינדוסטריעֶ־קאָנצעֶסיעֶס — װאַרט נאָך אױף איהר עֶנט־װיקלונג, װעֶן דעֶר טעֶרקישעֶר פּאַרלאַמעֶנט װעֶט געֶזעֶצליך עֶרלױבּעֶן קאָנ־צעֶסיעֶס און װעֶט זײ יורידיש פעֶרזיכעֶרעֶן. אַדרעֶס:

Palästina Industrie Syndicat Berlin W. 15.

**27. די יודישע ערד־אַרבּײַטער עקספּערימענטאַל סטאַנ־ציע**, גרינדעֶט זיך געֶבּעֶן היפה אונטעֶר דעֶר אָנפירונג פון אַגראָנאָם א. אַראָנסאָן. דאָס ציעל פון דעֶר סטאַנציעֶ איז צו מאַכעֶן װיסעֶנשאַפט־ליכעֶ אױספאָרשונגעֶן און פּראַקטישעֶ עֶקספּעֶרימעֶנטעֶן איבּעֶר דעֶם בּאָדעֶן, פלאַנצונגעֶן און בּכלל איבּעֶר דעֶר לאַנדװירטשאַפט אין פּאַלעֶסטינא, נסיונות אײַנצופירעֶן נײַעֶ קולטורעֶן און מעֶטאָדעֶן װי צו פעֶרבּעֶסעֶרן די פיהצוכט א. אַז. װ. די פעֶרװאַלטונג געֶפינט זיך אין ניו־יאָרק, װאו עֶס זעֶנעֶן צונױפגעֶקליבּעֶן געֶװאָרעֶן די הױפּטמיטלעֶן. די אַמעֶריקאַנישעֶ יודי־שעֶ פילאַנטראָפּעֶן האָבּעֶן גאַראַנטירט אין דעֶר פינאַנץ־הינזיכט די אױס־האַלטונג פון דעֶר סטאַנציעֶ — און הײַנטיגעֶס יאָהר נאָך הױבּט זי אָן צו אַרבּײטעֶן. די סטאַנציעֶ האָט בּעֶקומעֶן אַלס געֶשאַנק אַ גרױסעֶ קאָלעֶק־ציעֶ פון פּראָפ. קאָלעֶרמאַן (34.000 בּלומעֶן) און אונגעֶפעֶהר 1000 פּלאַנ־צעֶן־מוסטעֶרעֶן פון דעֶם עֶרד־דעֶפּאַרטאַמעֶנט פון די פעֶראײניגטעֶ שטאַאַטעֶן.

**28. די פלאנטאציאנס־געזעלשאפט אין גליל,** איז געגרינדעט געווארען אין 1910 אויף ריין־קאפיטאליסטישע יסודות מיט דעם ציעל איינצוארדנען בוימוואל־פלאנטאציעס. אידרע אנטיילנעהמער זענען, דער עיקר, מאסקווער טוער. דאס גרינדונגס־קאפיטאל איז 400.000 פראנק, צוטיילט אויף 10 אקציעס צו 40.000 פראנק. זי האט ערווארבען א גוט „מעדזשדעל" ביי טבריה און טרעט צו צו פלאנטאציאנער טעטיגקייט.

זינט הערבסט 1910 ארבייטען דארט 60—70 יודישע ארבייטער. מען בויט הייזער, רייניגט דעם באדען. נור די הויפט־ארבייט וועט זיך אנהויבען ערשט אין יאהר 1911 און וועט בעשעפטיגען פיעל יודישע ארבייטער.

## אין גרינדען האלטען זיך פאלגענדע 2 אונטערנעהמונגען:

**29. אגראר־באנק.** דער 9־טער קאנגרעס אין האמבורג האט אויסגעקליבען א ספעציעלע קאמיסיע, וועלכער עס איז געגעבען געווארען דער אויפטראג אנצונעהמען אלע נויטיגע מיטלען, כדי צו בעשאפען אן־אינסטיטוט פון א לאנגטערמיניגען ערד־קרעדיט. די פערווירקליכונג פון דעם דאזיגען אינסטיטוט, וואס איז אזוי וויכטיג פאר די ענטוויקלונג פון דער יודישער קאלאניזאציע אין פאלעסטינא, העננט אב פון די רעפארמען אין די אגראר־געזעצען אין טערקיי, וועלכע מען ערווארט אין דער נאהנטסטער צייט.

**30. אימאביליען געזעלשאפט „פאלעסטינא"** איז געגרינדעט געווארען אין בערלין דעם 19 יולי 1910 און האט דאס ציעל פערנעהמען זיך מיט קויפען און פערקויפען שטעדטישע חלקים ערד אין היפה. דאס קאפיטאל פון דער געזעלשאפט איז 100 טויזענד מארק, צום סוף יאהר 1910 איז אריינגעטראגען געווארען 65 טויזענד.

פאר דעם קורצען משך צייט פון איהר עקזיסטענץ האט די געזעלשאפט געקויפט און איבערפערקויפט א חלק ערד פון 8534 פיק, האט ערווארבען צוויי חלקים ערד פון 167 טויזענד פיק (א פיק איז 0.58 קוואדראט־מעטר) און פארצעלירט זיי אויף חלקים צו 1000, 2000 און 3000 פיק. די פאדערונג אויף אזוינע חלקים איז זעהר גרויס. די טעטיגקייט פון דער געזעלשאפט ענטוויקעלט זיך און שוין צום ערשטען יאהר ערווארט מען א היבשען דיווידענד.

אדרעס: Immobiliengesellschaft „Palästina" Berlin W. 15 Bleibtreust. 34-35.

**31. דער היגיענישער אינסטיטוט** אויף דעם נאָמען פון דר. מ. נאָרדוי. צוליעב דעם פייערען פון מאַקס נאָרדוי׳ס 60־יאָהריגען יובילע־אום האָבען די ציוניסטען צונויפגעקליבען אַ פאָנד צו גרינדען אין פאַ־לעסטינא, גיכער ווי אַלץ אין חיפה, אַ היגיענישען אינסטיטוט. די זאַמלונ־גען קומען נאָך פאָר. אין בערלין האָט זיך געגרינדעט אַ קאָמיסיע פון בעדייטענדע ספּעציאַליסטען פון דער מעדיצינישער וועלט, אום איינצו־אָרדנען דעם דאָזיגען וויסענשאַפטליכען אינסטיטוט, וואָס האָט אויך אַ גרויסען פּראַקטישען ווערט פאַר די ענטוויקלונג פון פאַלעסטינא.

---

## II. די יודישע קאָלאָניעס אין ארץ ישראל.

### יהודה.

**1. ראשון לציון**, 1½ שעה פון יפו, איז געגרינדעט געוואָ־רען אין יאָהר 1882 דורך רוסישע יודען. די קאָלאָניע פערמאָגט 12.700 דונאַם ערד. פון זיי זענען אַנ׳ערך 3500 דונאַם געקויפט געוואָרען אין די לעצטע יאָהרען אין דעם דערבייאיגען דאָרף בית־דג׳ן און נאָהנט פון 2500 דונאַם אין דעם דאָרף סאַראַפענד. די ניי־צוגעקומענע ערד איז בעשטימט פאַר תבואה. מען קאָן זי אָבער נאָך ניט געגוג אויסנוצען, ווייל זי איז נאָך ניט אָבגעטיילט פון דער אַראַבישער ערד. איינוואוינער געפינען זיך אין ראשון 880. קאָלאָניסטען זענען פאַראַן 66. ראשון איז דער צענטער פון וויין־אויסאַרבייטונג אין יהודה. אין דער קאָ־לאָניע געפינט זיך דער גרויסער וויין־קעלער, וואָס איז אויסגעבויט געוואָ־רען דורך באַראָן ראָטשילד. די קעלערן זענען איינגעאָרדענט לויט דעם לעצטען וואָרט פון דער וויסענשאַפט און אין זיי ברענגט מען ווייַנטרויבען פון אַלע קאָלאָניעס אין יהודה. אין ראשון געפינט זיך די פערוואַלטונג פון דעם סינדיקאַט פון וויינגערטנער, די פערוואַלטונג פון „כרמל המזרחי" און פון דער נייער אָרגאַניזאַציע פון אַלע קאָלאָניעס אין יהודה. אויסער ווייַנטרויבען פלאַנצט מען נאָך אין ראשון מאַנדלען און אין דער לעצטער צייט אויך אַפּעלסינען. אין דער קאָלאָניע געפינט זיך אַ שענעס פאָלקס־הויז, אַ גרויסאַרטיגע שוהל, אַנ׳אַפּטייק, אַ ביבליאָטעק, פּאָסט, אַ קינדער־גאָרטען (פאַר 100 קינדער), אַ שולע פאַר 200 קינדער, אַ האָטעל און וואַסער־לייטונג, אַ קרעדיט־קאַסע. צווישען ראשון און יפו קורסירען רעגעלמעסיג די־לינזשאַנסען.

**2. ועדי חנין, נס ציונה.** די ביידע קאָלאָניעס זענען בער־



קאַרטע
פון די יודישע קאָלאָניעס
אין ארץ-ישראל
קילאמעטער
מאַסשטאַב
די באַהנען
די יודישע קאלאניעס
די יודישע לאנד
צידון
צור
מטולה
יסוד המעלה
משמר-הירדן
מחנים
עין זיתון
ראש פנה
מירום
צפת
חיפה
מגדל
חתין
מצפה
סגרה
טבריה
בני-יהודה
ימה
מסחה
כנרת
נצרת
מלחמיה
אם-אל-תות
אל-גמל
בית-שן
חדרה
כפר-סבא
עין-גנים
שכם
פתח-תקוה
יהודיה
מקוה
בית-עריף
לוד
רמלה
רחובות
באר יעקב
עקרון
גדרה
אס-סאלט
יריחו
מוצא
ארטוף
ירושלים
בית-לחם
קוסטיניה
עזה
חברון

בונדען צוזאַמען. די ערשטע קאָלאָניע איז געגרינדעט געוואָרען אין יאָהר 1882, די צווייטע אין יאָהר 1897. די ביידע קאָלאָניעס געפינען זיך אויף אַ מהלך פון 3/4 שעה פון ראשון. פריהער האָבען זיי געהאַט 2500 דונאַם, דערנאָך איז צוגעקויפט געוואָרען דורך „גאולה“ נאָך 850 דונאַם, איינוואוינער געפינען זיך 196. די קאָלאָניסטען פערנעהמען זיך מיט וויינגערטנערייַ און אַפּעלסינען־פּלאַנצונגען. אין 1908 זענען אויסגעבויט געוואָרען דורך יק״א נייע און שענע הייזער אין דער קאָלאָניע. דאַן איז אויך פערענדיגט געוואָרען דאָס הויז פאַר די שולע. אין דער קאָלאָניע געפינט זיך אַ קרעדיט־קאַסע, ווי אויך אַ חברה פין געמיינזאַמען פערקויפען די פּראָדוקטען.

**3. רחובות,** איז געגרינדעט געוואָרען אין יאָהר 1890 דורך דער ווארשויער אַגודה „מנוחה ונחלה“. ביי איהר גרינדונג האָט זי פערנומען 10.650 דונאַם, דערנאָך איז צוגעקויפט געוואָרען נאָך 3.100 דונאַם. די קאָלאָניסטען פערנעהמען זיך מיט וויינגערטנערייַ, מיט פּלאַנצונגען פון מאַנדלען, אַפּעלסינען און עהלבוימער. אין דער קאָלאָניע געפינען זיך צוויי ווין־קעלערס. איינוואוינער אין דער קאָלאָניע זענען פאַרהאַן 550. אין דער קאָלאָניע וואוינען אויך 50 פאַמיליעס תימנער יודען, וועלכע אַרבייטען ביי די קאָלאָניסטען. אין דער קאָלאָניע איז פאַרהאַן אַ גרויסע שוהל. די קינדער־שולע ווערט געשטיצט פון „עזרה“. קינדער אין דער שולע לערנען זיך 66. אויסער דעם געפינט זיך אויך אַ קינדער־גאָרטען, אַ ביבליאָטעק, און אַ „פאָלקס־הויז“. אַ גרויסער טייל קאָלאָניסטען וואוינען אין חוץ־לארץ און גיבען איבער די השגחה אויף זייער ערד די קאָלאָניסטען, וועלכע וואוינען אין דער קאָלאָניע. אין דער קאָלאָניע געפינט זיך אַ גוטער האָטעל און וואַסערלייטונג. מיט יפו איז זי פערבונדען דורך דיליזשאַנסען, וואָס קורסירען יעדען טאָג.

**4. עקרון** איז געגרינדעט אין יאָהר 1884 פון באַראָן ראָטשילד, פאַר פריהערדיגע יודישע קאָלאָניסטען פון רוזשאַני (גראָדנער גובערניע) לויט דעם פּראָיעקט פון הרב מאָהילעווער און פון דעם רעדאַקטאָר בריל. ביי איהר גרינדונג איז געווען אין דער קאָלאָניע 2000 דונאַם, דערנאָך איז אין פערשידענע צייטען צוגעקויפט געוואָרען נאָך ערד. איצט פערמאָגט די קאָלאָניע 15.700 דונאַם. איינוואוינער געפינען זיך 300. דערהויפט פערנעהמען זיי זיך מיט תבואה. די קאָלאָניע האָט אויך עהלבוימער און מאַנדלען. אין דער קאָלאָניע געפינען זיך אַ שולע, אַ קינדער־גאָרטען, אַ קרעדיט־קאַסע.

ניט ווייט פון עקרון ליעגט תולדה, איינגעטום פונ׳ם נאַציאָנאַל־

פאַנד. די פערמאָגנס 1973 דונאַם. אין חולדה ווערט געפלאַנצט דער הערצל־וואַלד.

**5. גדרה** איז געגרינדעט געוואָרען אין יאָהר 1885 דורך דער חברה ביל"ו. בײַ איהר גרינדונג האָט זי געהאַט 3.770 דונאַם, דער־נאָך איז צוגעקויפט געוואָרען ערד דורך דעם אָדעסער קאָמיטעט און „גאולה". איצט האָט די קאָלאָניע 5.670 דונאַם. אײנוואוינער זענען פאַרהאַן 140. די קאָלאָניסטען פיהרען אַ געמישטע ווירטשאַפט. זיי פערנעהמען זיך מיט פשוט'ער ערד־אַרבײַט, האָבען אויך ווײַנגערטנער און מאַנדלען. אין דער קאָלאָניע געפינט זיך אַ קלײנער קעלער, וואו די קאָלאָניסטען אַרבײַטען אויס קאָניאַק. אין דער קאָלאָניע איז איצט געעפענט געוואָרען אַ גוטער האָטעל; די פערמאָגנט אַ שולע, אַ קינדער־גאָרטען, 2 קרעדיט־קאַסען: „ביל"ו" און „שבה".

**6. בית עריף** (הדיתא) ליגט בײַ דער סטאַנציע לוד און געהערט דעם נאַציאָנאַל־פאָנד. דער שטח איז 2.350 דונאַם. די ערד איז גע־קויפט געוואָרען אין יאָהר 1905. עס ווערען דאָרט געפלאַנצט עהל־בוימער, (הערצל־וואַלד), אַ טייל ערד איז בענוצט פאַר פעלדווירטשאַפט. איצט געפינען זיך דאָרט 10 הײַזער פאַר תימנ'ער יודען, וועלכע פערנעהמען זיך מיט גערטנערײַ און מיט פּילינגראַן־אַרבײַטען. דאָס דער־פעל הייסט „בן שמן". דאָ געפינט זיך אויך די זייף־פאַבריק „עתיד".

**7. קוסטיניה** (באר טוביה) איז די ווײַטסטע קאָלאָניע אין דרום פון ארץ־ישראל. זי איז אויסגעבויט געוואָרען אין יאָהר 1896 דורך דעם אָדעסער פּאַלעסטינער קאָמיטעט. זי פערנעהמט 5.623 דונאַם, אײנוואוינער געפינען זיך איצט 80 נפשות, פריהער זענען געוועזן 130. די קאָלאָניסטען פערנעהמען זיך נור מיט פשוט'ער ערד־אַרבײַט. אין לעצטען יאָהר זענען געמאַכט געוואָרען פּראָבעס צו פלאַנצען ריצינעהל־בוימער. דער קלימאַט איז אין קוסטיניה זעהר גוט. אַ שולע, אַ קרעדיט־קאַסע. קוסטיניה איז געקויפט געוואָרען נאָך אין 1888 יאָהר.

**8. אַרטוף** ליגט בײַ דער סטאַנציע דער־אַבאַן פון יפו־ירושלים'ער אײזענבאַהן. די קאָלאָניע איז געגרינדעט געוואָרען אין יאָהר 1896 דורך דער באָלגאַרישער יודישער חברה „עזרת אחים". די קאָלאָניע פערנעהמט 4350 דונאַם. אײנוואוינער געפינען זיך 80 נפשות. די קאָלאָניסטען פערנעהמען זיך מיט פעלד־ווירטשאַפט. אין דער לעצטער צײַט האָט מען אויך אָנגעהויבען צו פערנעהמען זיך מיט פלאַנצונגען. אײן טייל פון אַרטוף האָט אין יאָהר 1910 ערוואָרבען י. ל. גאָלדבערג, וועלכער אָרדענט דאָרט אײַן אַ גרעסערע גוט־ווירטשאַפט.

**9. מוצא** ליגט ¾ שעה פון ירושלים. איז געגרינדעט אין יאהר 1894 דורך דער ירושלים׳ער לאזשע „בני ברית“. די קאָלאָניע פערנעהמט 1.095 דונאם. די הויפט־בעשעפטיגונג איז ווײַנגערטנערײַ. איינוואוינער געפינען זיך דארט 69.

**10 פתח תקוה** איז די גרעסטע קאָלאָניע אין יהודה. זי ליגט בײַ דעם טײַך ירקון (אודזשא) אנדערהאלבען שעה אין צפון פון יפו. זי איז געגרינדעט געוואָרען אין יאָהר 1878 דורך ירושלים׳ער יודען, נור זי איז באלד פערלאָזען געוואָרען און ווידער אויפגעבויט געוואָרען אין 1882 דורך יודען פון רוסלאנד. ביסלעכווײַז איז אַלץ צוגעקויפט געוואָרען נײַע ערד, אַזוי אַז איצט פערנעהמט די קאָלאָניע 23.465 דונאם. איינוואוינער געפינען זיך 1.800. זיי פערנעהמען זיך דערהויפט מיט באַיאַרעס פון אַפּעלסינען. די קאָלאָניע האָט אויך ווײַנטרויבען, מאנדלען, פערשידענע אנדערע מינים פרוכט־בוימער און אויך תבואה. פריהער האָט די קאָלאָניע פיעל געליטען פון קדחת, נאָר זינט מען האָט זי בעפלאנצט מיט אייקאַליפּטוס־בוימער איז דער קלימאט אויף אַ סך בעסער געוואָרען. אין דער לעצטער צײַט האָט מען זיך אָנגעהויבען צו פערנעהמען מיט בוימוואָל־פלאנצונגען, וועלכע גיבען זעהר גוטע רעזולטאטען. אין פתח־תקוה געפינט זיך אַ גרויסע שוהל און אַ גרויסע קינדער־שולע. אין דער קאָלאָניע איז אויך פאראַן אַ גרויסע תלמוד־תורה, ווי אויך חדרים, וואו מען לערנט אויפ׳ן אַלטען שטײַגער, פּאָסט און אַ בעזונדערע פּאָסט־געבײַדע, אַ ביבליאָטעק, קרעדיט־קאַסעס, אַ סינדיקאַט פון די אייגענטימער פון באַיאַרעס „פרדס“, צוויי צדקה־חברות ווי אויך אַ גמילות־חסדים־חברה. 5 דיליזשאַנסען קורסירען שטענדיג צווישען פתח־תקוה און יפו.

**11. עין גנים** (אָדער פערזשא) איז אַ קאָלאָניע פון ארבייטער, וועלכע איז אויסגעבויט געוואָרען אין יאָהר 1908. זי ליגט בײַ פתח תקוה. די קאָלאָניע איז געגרינדעט דורך דעם אָדעסער קאָמיטעט. ערד האָט זי 2.600 דונאם. ארבייטער געפינען זיך אין דער קאָלאָניע 23 פאַמיליעס אָדער 80 נפשות. אַ וואַסערלייטונג, אַ קרעדיט־קאַסע.

**12. באר יעקב** ליגט צווישען ראשון און רחובות. די קאָלאָניע איז געגרינדעט דורך דעם אָדעסער קאָמיטעט אין יאָהר 1908. זי איז געגרינדעט געוואָרען פאר קאַווקאַזער יודען און פאר ארבייטער. זי פערנעהמט 2.009 דונאם. מענשען האָט זי 35. דעם נאָמען האָט זי בעקומען נאָך ר׳ יעקב יצחקי דעם געוועזענעם רב אין דערבענט, דעם אָנפיהרער פון דער גרופּע קאַווקאַזער יודען. אַ קרעדיט־קאַסע.

**13. מקוה ישראל** איז אַ שולע פאַר ערד־אַרבײַט, וואָס איז געגרינדעט געוואָרען דורך דעם „אַליאַנס" אין יאָהר 1870. זי ליגט ¾ שעה פון יפו. איהר שטח איז 2.600 דונאַם. אין דער שולע ווערען געלערנט אַרבײַטען בײַ תּבוּאה און בײַ פּלאַנצונגען. איהר איצטיגער דירעקטאָר איז ה' לופּא. שילער האָט זי איצט 78. אַ גרויסער טייל שילער איז פון ארץ ישראל. הוצאות האָט געהאַט די שולע אין 1909־טען יאָהר 109.568 פראַנק, פאַר די פּראָדוקטען פון יאָהר אַרבײַט האָט זי בעקומען 55.523 פראַנק. אונטער דער פערוואַלטונג פון דער שולע געפינט זיך אויך מאָנטעפיאָרעס באַיאַרע, וועלכע ליגט בײַ דער דײַטשער קאָלאָניע סאַראָנאַ.

## שמרון.

**14. כפר סבה** — 4 שעה פון יפו און 1½ שעה פון פתח תקוה. די ערד איז געקויפט געוואָרען אין יאָהר 1892 דורך ראָטשילד'ען. איהר שטח איז 7.500 דונאַם. אין איהר געפינען זיך דערהויפּט פּלאַנצונגען פון מאַנדלען און עהל־בוימער, איהרע בעלי־בתּים וואוינען דאָס רוב אין פתח תקוה. שטענדיגע איינוואוינער האָט זי 10. הײַזער געפינען זיך אין איהר דערווײַל נור 2. אין 1906 איז דורך בערלינער „עזרה" געגרינדעט בײַ כפר סבה אַנ׳ראַבײַטער־קאָלאָניע פון 12 הײַזער.

**15. חדרה** איז געגרינדעט געוואָרען אין יאָהר 1891 אויפ'ן ברעג ים ניט ווײַט פון קיסריה. די קאָלאָניע ליגט אין אַ זומפּיגען אָרט, דערצו האָט מען אין איהר געליטען פון געלען פיעבער. פיעל קאָלאָניסטען זענען אויסגעשטאָרבען, אָבער דאָך האָט קיינער ניט געוואָלט פערלאָזען די קאָלאָניע. נאָכדעם ווי מען האָט פערפלאַנצט אין חדרה אַ גרויסען וואַלד פון אייקאַליפּטוס־בוימער און מען האָט געזאָרגט צו בעקומען ריינעם וואַסער, איז דער קלימאַט אין חדרה גוט געוואָרען, און געלעס פיעבער איז שוין דאָרט מעהר ניט פאַרהאַן. דער שטח פון דער קאָלאָניע איז 29.250 דונאַם. איינוואוינער געפינען זיך 200. די קאָלאָניסטען פערנעהמען זיך מיט פּשוט'ער ערד־אַרבײַט און מיט פּלאַנצונגען. אין דער קאָלאָניע געפינט זיך די באַיאַרע פון אתרוגים, גן שמואל, די עהל־בוימער פון דער חברה „יצהר" און די ערד פון „חפצי בה" מיט איהרע 3.000 דונאַם, וועלכע געהערען צו דער פּלאַנצונגס־געזעלשאַפט „אַגודת נטעים", אַ שולע, אַ קינדער־גאָרטען, צוויי קרעדיט־קאַסעס, רעגעלמעסיגע פערבינדונג מיט יפו.

**16. זכרון יעקב** איז געגרינדעט געוואָרען דורך רומעניש

יודען אין 1882־טען יאָהר. פריהער האָט זי געהאַט 7.200 דונאַם, דער־נאָך איז צוגעקויפט געוואָרען אין יאָהר 1906 בורדוש און מראך — נאָך 10,000 דונאַם. איינוואוינער געפינען זיך אין דער קאָלאָניע 800. די קאָלאָניסטען פערנעהמען זיך מיט ווייננערטנערײַ און מיט פעלד־ווירט־שאַפט. אין דער קאָלאָניע איז פאַרהאַן אַ ווײַן־קעלער, וועלכער געהערט צום סינדיקאַט פון די יודישע ווײַנגערטנער. די קאָלאָניע האָט אַ גרויס־אַרטיגעס פאָלקס־הויז און אַ שענע שוהל. די קאָלאָניע ליגט אויפ'ן וועג צווישען שכם און חיפה און דורך איהר פאָהרען דורך פיעל טוריסטען. די קאָלאָניע האָט 2 שענע האָטעלען, אַ שולע, אַ קינדער־גאָרטען, אַ ביבליאָטעק, אַ גרויסען שפּיטאָל, אַ קרעדיט־קאַסע.

**17. שביה** איז געגרינדעט געוואָרען אין יאָהר 1891. איהר שטח איז 8.500 דונאַם. איינוואוינער זענען אין איהר פאַרהאַן 50. איהר קלימאַט איז זעהר אַ גוטער. נאָהנט פון איהר געפינט זיך איינע פון די בעסטע באַ־יאַרעס ניזולו.

**18. אום אל־גמאל** איז געגרינדעט אין יאָהר 1891. פריהער האָט זי געהאַט 2.500 דונאַס, אין יאָהר 1909 איז צוגעקויפט געוואָרען נאָך 3.000 דונאַם. איינוואוינער געפינען זיך אין איהר 50.

ניט ווײַט פון זכרון אויפ'ן ברעג ים געפינט זיך **טאַנטורא**. איהר שטח איז 400 דונאַם. פריהער איז דאָרט געווען אַ גלאָז־פאַבריק, איצט איז דער פּלאַץ ליידיג.

**19. אַטליט** האָט 7.000 דונאַם. די ערד איז געקויפט געוואָרען אין יאָהר 1890, די קאָלאָניע איז געגרינדעט געוואָרען אין יאָהר 1909. קאָלאָניסטען געפינען זיך 20 פאַמיליעס. אַניערך פון 80 נפשות. די קאָלאָניסטען פערנעהמען זיך מיט פעלד־ווירטשאַפט. דער קלימאַט איז נישט געזונד.

## גליל התחתון.

**20. סעדזשערא** האָט 17.720 דונאַם. אין יאָהר 1899 האָט יק"א געגרינדעט אַ פערמע מיט אַ קאָלאָניע, וואו די ערד ווערט אָב־געגעבען די קאָלאָניסטען נור אויף אַרענדע. אין דער קאָלאָניע איז נור פעלדווירטשאַפט, די פערמע פערנעהמט זיך אויך מיט פלאַנצונגען. איינ־וואוינער געפינען זיך 200. פאַר די אַרבייטער געפינט זיך אַ שותפותישע קיך און אַ וואוינונג. די פערמע אין סעדזשערא איז די איינציגע ווירטשאַפט פון יק"א אין ארץ־ישראל. אַ שולע, אַ וואַסערלייטונג, אַ קרעדיט־קאַסע.

**21. מסחה** ליגט ביים באַרג תבור. זי איז געגרינדעט אין יאָהר

1902. זי פערנעהמט 10,120 דונאַם. אײנוואוינער געפינען זיך 470. זיי זענען אָדער זעלבסטשטענדיגע קאָלאָניסטען אָדער אַרענדאַטאָרען. צווישען מסחה און סעדזשערא געפינט זיך 600 דונאַם ערד (זשיפּטליק־זאָביך), וואָס זענען געקויפט געוואָרען מיט אַכט יאָהר צוריק, נור ערשט אין 1910 אָבגעטיילט פון אַראַבישער ערד. זי איז איבערגעגעבען געוואָרען אין אַרענדע אַ נייער גרופּע פון אַרבייטער און קאָלאָניסטען־זיהן. זיי פערנעהמען זיך מיט ווירטשאַפט און פיהצוכט. אין דער קאָלאָניע איז פאַרהאַנען אַ שולע, אַ ביבליאָטעק און אַ קרעדיט־קאַסע.

**22. ימה** איז די גרעסטע קאָלאָניע אין גליל התחתון. זי איז געגרינדעט געוואָרען אין יאָהר 1902 דורך יק״א. צוזאַמען מיט סמשין פערמאָגט זי 20.000 דונאַם; אײנוואוינער — 400. זיי פערנעהמען זיך מיט פעלד־אַרבייט אויך מיט עהלבוים־פלאַנצונגען און ווייני גערטנעריי. אַ שולע, אַ שוהל, אַ שפּיטאָל, אַ קרעדיט־קאַסע, אַ וואַסערלייטונג. סמשין ווערט בעאַרבייט נור פון אַרענדאַטאָרען.

**23. בית גן** ליגט אַ 10 מינוט פון ימה. די קאָלאָניע איז אויסגעבויט אין יאָהר 1908. צוזאַמען מיט אַטאָשצי און דליקה־איסי פערמאָגט זי 14.000 דונאַם. אין דער קאָלאָניע געפינט זיך אַ היבשע צאָהל גרים. דאָס רוב קאָלאָניסטען זענען אַרענדאַטאָרען. זיי פערנעהמען זיך מיט פעלדווירטשאַפט. וואַסערלייטונג, אַ שולע און אַ אַפּטייק צוזאַמען מיט ימה.

**24. מלחמיה** ליגט בײַם ירדן. זי פערנעהמט 7.500 דונאַם. זי איז געגרינדעט אין יאָהר 1902. אײנוואוינער האָט זי 150. די קאָלאָניסטען פערנעהמען זיך מיט פעלדווירטשאַפט. אין 1910 האָט מען געמאַכט פלאַנטאַציעס פון וואַטע, וועלכע האָבען זיך זעהר גוט אײנגעגעבען. אַ שולע, אַ ביבליאָטעק, אַ קרעדיט־קאַסע, וואַסערלייטונג.

**25. מרחביה**, די נײַעסטע יודישע קאָלאָניע. ליגט נעבען דעם אָרט פולע און דער באַהנסטאַנציע אַפולע, אויפ׳ן וועג צווישען היפה און בית־דגן, אַ שעה רײַזע פון היפה. מרחביה געפינט זיך אין מיטעלפּונקט פון עמק ישראל. פון אַפולע בויט מען איצט אַ אײזענבאַהן קײַן ירושלים איבער שכם. — מרחביה פערמאָגט 9.600 דונאַם זעהר גוטע פרוכטבאַרע ערד. דאָ גרינדעט זיך די ערשטע קאָאָפּעראַטיווע קאָלאָניע לויט דעם פּלאַן פון דר. פראַנץ אָפּענהײַמער (3.000 דונאַם). די איבעריגע 6.600 דונאַם ווערען געטיילט אין חלקים פון דער לאַנדאַרבײַט־געזעלשאַפט און וועלען בילדען אַ נײַע קאָלאָניע. מרחביה

דארף מיט דער צייט װערען א נייער צענטער פון יודישער קאָלאָני־זאציע. דערװייל ארבייטען דאָרט 35 יודישע ארבייטער.

**26. כנרת** איז א פערמע פון דער לאנד־ארבייט־געזעלשאפט. די פערמע ליגט ביים ים כנרת. די ערד געהערט צום נאַ־ציאָנאַל־פאָנד און איז פערדונגען דער אויבען אָנגעפירטער געזעלשאפט אין ארענדע אויף 98 יאָהר. ערד האָט זי 4.000 דונאם. די פערמע איז געגרינדעט אין יאָהר 1908. די ארבייטער האָבען א שותּפישע קיך. אין כנרת פערנעהמט מען זיך מיט פעלד־ארבייט װי אויך מיט פערשידענע בוים־פלאנצונגען, מיט פיהצוכט און מילך־װירטשאפט. אין כנרת איז געמאכט געװאָרען דער ערשטער נסיון צו בענוצען די װאסער פון ים כנרת, אום צו בעװעסערען די ערד און צו ערציהען די טייערסטע פערשידענע בוים־פלאנצונגען און אָבסט.

**27. כנרת** — א קאָלאָניע, װעלכע ליגט ביים ים כנרת, ביי דער גרענעץ פון דער פערמע. די ערד װערט גענומען פון די טיילען, װאָס זענען אויבען אנגערעכענט אין דער ערד פון ימה און בית־גן.

**28. אום־דזשוני** — 3.000 דונאם. ליגט פון דער אנדער זייט ירדן ביי דער גרעניץ פון כנרת. די ערד געהערט צום נאציאָנאל־פאָנד. אין יאָהר 1910 איז געמאכט געװאָרען פאָלגענדער נסיון: א טייל פון דעם באָדען — 1.000 דונאם — איז אָבגעגעבען געװאָרען אין ארענדע א גרופּע פון 8 ארבייטער־פאמיליעס מיט דעם תּנאי, אז א העלפט רוה זאָל געהערען די ארבייטער. דער נסיון האָט זיך זעהר גוט איינגעגעבען. שוין אין ערשטען יאָהר האָבען די ארבייטער פער־דינט, אויסער דעם געװעהנליכע ארבייטס־געהאלט, 2.208 פראנק אויף זייער חלק. היינטיגען יאָהר װעלען בעארבייט װערען פון צעהן ארבייטער־פאמיליעס 1.500 דונאם. אין דעם יאָהר װעלען אויך געבויט װע־רען די נויטיגע װירטשאפטס־בנינים.

**29. מצפה,** אין צפון־מערב פון טבריה, א שעה גאנג פון דער שטאָדט. ערד האָט זי 7.000 דונאם, װעלכע װערען בעארבייט פון 7 פאמיליעס. די קאָלאָניע איז געגרינדעט אין יאָהר 1908. די קאָלאָניסטען פערנעהמען זיך מיט פעלד־װירטשאפט, פיה־צוכט און עהלבוים־פלאנצונגען.

**30. היתין** ליגט ביים ים כנרת און האָט אנ'ערך פון 3.000 דונאם. די ערד געהערט צום נאציאָנאל־פאָנד און זי איז נאָך ניט אָבגעטיילט פון דער אראבישער ערד.

**31. מרושדעל** ליגט בײַם ים כנרת און פֿערנעהמט 5.000 דונאַם. די ערד איז געקויפֿט געוואָרען בײַ דײַטשען אין יאָהר 1909 דורך דער מאָסקווער גרופּע. איצט ווערען דאָרט געמאַכט פּלאַנטאַציעס פֿון בוימוואָל.

**32. בני יהודה.** די קאָלאָניע ליגט אין מזרח פֿון ים כנרת. ערד האָט זי 3.500 דונאַם. אײַנוואוינער געפֿינען זיך פֿינף פֿאַמיליעס. די ערד איז נאָך ניט אָבגעטיילט פֿון דער אראַבישער ערד.

## גליל העליון.

**33. ראש פנה** איז געגרינדעט געוואָרען דורך רומענישע יודען אין יאָהר 1882. זי ליגט אַ שעה פֿון צפת. זי פֿערנעהמט 32.000 דונאַם. אײַנוואוינער געפֿינען זיך 513. די קאָלאָניסטען פֿערנעהמען זיך מיט פֿעלדווירטשאַפֿט און פּלאַנצונגען פֿון ווײַנגערטנער און מאַנדלען. די קאָלאָניע האָט אַ גרויסע שולע. זי איז דער צענטער פֿון דער אַדמיניסטראַציע אין גליל העליון. אין דער קאָלאָניע געפֿינט זיך אַ ווײַן־קעלער אויף אויסצואַרבײַטען מאַלאַגאַ־ווײַן. אין דער קאָלאָניע געפֿינט זיך די בעסטע שולע אונטער דער לײַטונג פֿון ש. ווילקאָמיץ, בײַ דער שולע אַ גרויסער נאָרטען, וואו די קינדער לערנען פֿעלד־אַרבײַט, אַ ביבליאָטעק, וואַסערלײַטונג.

**34. עין זיתין** איז געגרינדעט אין יאָהר 1891 דורך דער געזעלשאַפֿט „דורשי ציון". די קאָלאָניע פֿערנעהמט 5.700 דונאַם. זי ליגט בײַ צפת. אײַנוואוינער האָט זי 50. זי האָט ווײַנגערטנער און פֿערשידענע אַנדערע פּלאַנצונגען.

**35. מחנים** אַ שעה פֿון ראש פנה. די קאָלאָניע איז געגרינדעט געוואָרען פֿון גאַליצישע יודען, אָבער זי איז צופֿאַלען געוואָרען. איהרע ערד איז אָבגעגעבען ראש פנה. אין איהרע הײַזער וואוינען איצט 6 פֿאַמיליעס קאַווקאַזער יודען, וועלכע דינגען ערד אַרום בײַ אַראַבער.

**36. משמר הירדן** ליגט בײַם ירדן, 2 שעה פֿון ראש פנה. זי איז געגרינדעט אין יאָהר 1890. איהר שטח איז 4.500 דונאַם. אײַנוואוינער האָט זי 106. צווישען איהרע קאָלאָניסטען געפֿינען זיך אויך צפת'ער יודען. די קאָלאָניע פֿערנעהמט זיך מיט פֿעלדווירטשאַפֿט. אין דער קאָלאָניע איז אָפּט קדחת.

**37. יסוד המעלה** ליגט בײַם ים מרום. זי איז געגרינדעט אין יאָהר 1883 דורך פֿריהערדינע יודישע ערדאַרבײַטער אין רוס־

לאַנד. זי פערנעהמט 11,000 דונאַם. איינוואָהנער האָט זי 229, וועלכע פערנעהמען זיך מיט פעלדווירטשאַפט. אין דער קאָלאָניע טרעפען פעלען פון געלען פיבער. אין די לעצטע יאָהרען איז דער קלימאַט א סך בעסער געוואָרען, א שולע און א שוהל.

**38. מתולה** איז די ווייטסטע קאָלאָניע אין צפון־פּאַלעסטינא. זי איז געגרינדעט אין יאָהר 1896. פערמאָגט 13.000 דונאַם. איינוואוינער האָט זי 311, וועלכע פערנעהמען זיך מיט פעלדהווירטשאַפט און פיהצוכט. דער קלימאַט איז זעהר געזונד. א שולע, צווייִ קרעדיט־קאַסען.

## ערד ניט קיין בעארבייטע.

אין האַראַן און ג'ולאַן געהערען דעם באַראָן ראָטשילדען 56,000 דונאַם. אויף וועלכע עס געפינען זיך אַראַבישע דערפער, וואָס צאָהלען אַרענדע דעם באַראָנס אַדמיניסטראַציע. ביז די לעצטע יאָהרען האָט די אַדמיניסטראַציע צוגעלייגט. לויט דעם לעצטען דין וחשבון (פון יאָהר 1908) האָט די אַדמיניסטראַציע פערדינט 700 פראַנק.

## III. די יודישע בעפעלקערונג אין די שטעדט פון פאלעסטינא און סיריען.

(אונגעפעהר,—לויט ד. טריטש)

| פאלעסטינא | 0\|0 פון דער גאנצער בעפעלקער. | די צאהל יודען | סיריען | 0\|0 פון דער גאנצער בעפעלקער. | די צאהל יודען |
|---|---|---|---|---|---|
| ירושלים . | 66 | 60,000 | אלעפא . | 5 | 12,000 |
| יפו. . . | 20 | 10,000 | דמשק. . | 4 | 10,000 |
| צפת . . | 33 | 8,000 | ביירוט. . | 2,3 | 3,500 |
| טבריה. . | 82 | 7,000 | איינטאב . | | 3,000 |
| חיפה . . | 8 | 1,600 | קולים . . | | 2,000 |
| חברון . . | 5 | 1,000 | אורפא. . | | 367 |
| רמלה . . | 11 | 1,000 | אנטאקיע . | | 266 |
| צדון . . | 5 | 700 | מאראש. . | | 211 |
| גזה . . | | 160 | על-קאמאר | | 150 |
| עכה . . | | 100 | חשביה . | | 60 |
| באר שבע. | | 20 | אליי . . | | 50 |
| אין די איבעריגע שטעדט | | | בירעדזשיק | | 45 |
| איז קיין יודען ניטא. | | | אלכסנדרעטא | | 42 |

## IV. נויטיגע ידיעות

### טאבעלע I.

די פרייזען פון אקציעס פון יודישער קאלאניאל-באנק און פון פא-לעסטינא לאנדארבייט-געזעלשאפט (P. L. D. C.)

פון איין ביז צעהן אקציעס.

| די צאהל אקציעס | 1 | 2 | 3 | 4 | 5 | 10 |
|---|---|---|---|---|---|---|
| | אין רובעל און קאפ. | | | | | |
| נעמענטליכע | 9.50 | 19.— | 28.50 | 38.— | 47.50 | 95.— |
| אהן א נאמען | 10.22 | 19.72 | 20.22 | 38.72 | 48.22 | 96.44 |

## טאַבעלע II.

די פּרייזען פון די אַקציעס פון אַנגלאָ-פּאַלעסטינער באַנק.

| די צאָהל אַקציעס . . . . | 1 | 2 | 3 | 4 | 10 |
|---|---|---|---|---|---|
| | אין רובעל און קאָפּ. | | | | |
| נעמענטליכע. . . . . | 10.— | 20.— | 30.— | 50.— | 100.— |
| אָהן אַ נאָמען. . . . . | 10.72 | 20.72 | 30.72 | 50.72 | 101.44 |

## טאַבעלע III.

דער דיווידענד פון די אַקציעס פון קאָלאָניאַל-באַנק.

| די צאָהל אַקציעס. | 1 | 2 | 3 | 4 | 5 | 6 | 7 | 8 | 9 | 10 |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| | אין רובל און קאָפּ. | | | | | | | | | |
| קופאָן נומ 1 | —,19 | —,38 | —,57 | —,76 | —,95 | 1,14 | 1,33 | 1,52 | 1,71 | 1,90 |
| 2 „ „ | —,23 | —,46 | —,69 | —,92 | 1,15 | 1,38 | 1,61 | 1,84 | 2,07 | 2,30 |
| 3 „ „ | —,31 | —,62 | —,93 | 1,24 | 1,55 | 1,86 | 2,17 | 2 48 | 2,79 | 3,10 |
| 4 „ „ | —,23 | —,46 | —,69 | —,92 | 1,15 | 1,38 | 1,61 | 1,84 | 2,07 | 2,30 |
| 5 „ „ | —,23 | —,46 | —,69 | —,92 | 1,15 | 1,38 | 1,61 | 1,84 | 2,07 | 2,30 |
| 6 „ „ | —,23 | —,46 | —,69 | —,92 | 1,15 | 1,38 | 1,61 | 1,84 | 2,07 | 2,30 |
| 7 „ „ | —,23 | —,46 | —,69 | —,92 | 1,15 | 1,38 | 1,61 | 1,84 | 2,07 | 2,30 |

## טאבעלע .IV

דער דיווידענד פאַר געלעכערטע קופאָנעס פון יודישער־קאָלאָניאַל־באַנק (די געלעכערטע קופאָנעס פון די אַקציעס אָהן אַ נאָמען בעדייטען, אַז די באַנק האָט בעצאָהלט דעם ענגלישען הערבאָווען אָבצאָהל, וואָס ווערט געדעקט דורכ׳ן דיווידענד. דער דאָזיגער הערבאָווער אָבצאָהל בעטרעפט 72 קאָפּ. פון 1 ביז 5 אַקציעס, 1.44 רוב. פון 6 ביז 10 אַקציעס, 2.16 רוב. פון 11 ביז 15 אַקציעס א. אַ. ח.)

| די צאָהל אַקציעס | 1 | 2 | 3 | 4 | 5 | 6 | 7 | 8 | 9 | 10 |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| | אין רובעל און קאָפּ. | | | | | | | | | |
| קופאָן נומ. 1 | — | — | — | —,07 | —,24 | — | — | 15 | —,34 | —,53 |
| „ „ 2 | — | —.15 | —,57 | —,92 | 1,15 | 1,12 | 1,57 | 1,84 | 2,07 | 2,30 |

---

## טאַבעלע .V

דער דיווידענד פאַר די קופאָנעס פון אַקציעס פון אַנגלאָ־פּאַלעסטינאַ־באַנק.

| די צאָהל אַקציעס | 1 | 2 | 3 | 4 | 5 | 10 |
|---|---|---|---|---|---|---|
| | אין רובעל און קאָפּ. | | | | | |
| נומ. 1 . . . | —,35 | —,70 | 1,05 | 1,40 | 1,75 | 3,50 |
| „ 2 . . . | —,39 | —,78 | 1,17 | 1,56 | 1,95 | 3,90 |
| „ 3 . . . | —,39 | —,78 | 1,17 | 1,56 | 1,95 | 3,90 |
| „ 4 . . . | —,39 | —,78 | 1,17 | 1,56 | 1,95 | 3,90 |

## V. די אדרעסען פון קליינעם א. ק. און פון די קאמיטעטען פון די לאנדסמאנשאפטען.

| | |
|---|---|
| Zionistisches Zentralbureau Köln a. R. Karolingerring. 31. (Orghip טעלעגר. אדרעס) | דער קליינער א. ק. |
| David Wolffsohn. Köln a. R. Sachsenring 26. | פון פארזיצענדען |
| I. H. Kann. Haag. Wagenstraat 8. Psof Dr. O Warburg Berlin W. 15 Uhlandstr. 175. | פון די מיטגלידער |
| Federation of American Zionists, New-Jork., 230 Grand Street, Bowery Bank, Bldg. Room 12 (Zionists. טעלעג. אדר.) Order Knights of Zion, Max Schulmann, Chicago Ill, 817 Ashland Block. | אמעריקא |
| Comite Central del Partido Sonista en Argentina, Buenos Aires. Corrientes 1364 dep № 6. | ארגענטינא |
| South Afrikan Sionist Federation, P. O Box 18, Johannesburg. (Zionfed. טעלעג. אדרעס) | אפריקא (דרום) |
| Federazione Sionistica Italiana. Dr.Felice Ravenna. Ferrara. | איטאליען |
| Zionistisches Landeskomitee für Ungarn Budapest, Kiraly utca 36 I. E. M. | אונגארן |
| Belgische Zionisten Federation, Antwerpen. Rue de la Vapeur 7. | בעלגיען |
| Comite Central des Sionistes de Bulgarie, Mr. Persiado Romano, Philippopel | בולגאריען |
| Bukowinaer Zionistisches Distrikts-Comite Czernowitz Hormuzakigasse 4. | בוקאווינא |
| Zentral Comite der galizischen Zionisten Lemberg. Pasag Feller 7. | גאליציען |
| Zionistische Vereinigung für Deutschland, Berlin-Charlottenburg Bleibtreustr 49 | דייטשלאנד |
| Dr. Louis Fränkei, Kopenhagen, Triangl en 4. | דענעמארק |
| Victor Jacobson Konstantinopel p. A. Anglo-Levantine Banking Co. | טערקיי |
| Nederlandsche Zionistenbond Haag. Houtmarkt 10. | נידערלאנד (האלאנד) |

| | |
|---|---|
| Zionist League, Wellington (Neuseeland), 36 Hawker Str, | ניו-זעלאַנד |
| Dr. D. Alcalay, Advokat, Belgrad. | סערבּיִען |
| Zionistisches Zentralbureaufür. West-Österreich Wien IX; Türkenstr 9. „Poale Zion“ z. H. des Herrn S. Kaplansky—Kaplan, Wien III. Fasang. 17 II, Mezz. Lo. | עסטרייך |
| The English Zionist Federation, London E. C. 154 Bishopsgate (טעלעג. אַדרעס Emancipist. C. Chichester House, Chancery Eane. | ענגלאַנד |
| Dr. A. Ruppin, Jaffa, Palästina. | פּאַלעסטינא |
| Fédération des Sionistes de France S. Roukhomowsky 50 rue de Rivoli, Paris. | פראַנקרייך |
| Federation of Zionist Societies of Canada. P. O. Box. 472, Montreal: (טעלעג. אדר. Zion | קאַנאַדאַ |
| Zionistische Landesorganisation für die Südslavischen Länder p. A. Dr. Siegfried Bogad, Zagreb. | קראָאַטיען-סלאַוואָניען |
| Comitetul Federatiunei Zionistilor din Romania M. Heinrich Schein, Gâlatz. | רומעניען |
| Schweizerischer Zionistenverband Zürich. Hochstr. 65 | שווייץ |